# די יודישע צוקונפט

א חודש זשורנאל פאר לעבען, ליטעראטור און וויסענשאפט.

רעדאקטאר: דר. י. ווארטסמאנן.

צווייטער יאהרגאנג. פעבערואר, 1905 העפט II.

## אינהאלט:



קראקוי לאנדאן נעוו-יארק.

**DIE JÜDISCHE ZUKUNFT**

Monatsschrift für Leben, Literatur und Wissenschaft.

**Zweiter Jahrgang. Februar 1905, II.**

Preis: 6 Kr. ganzjährig; 3 Kr. halbjährig.



Verlag „Die jüdische Zukunft".
Für die Redaction verantwortlich—M. Fischer.
Druck von Josef Fischer in Krakau.

נפתחת חתימה לשנת 1905 על

# הַצֹּפֶה שנה שלישית.

עתון יומי ספרותי, אינפֿרמציוני, חברתי ומדעי.

מראשית השנה הבאה הננו מגדילים את הפורמט של „הצפה".

בשנת 1905 יקבלו כל חותמי „הצפה" את הירחון

## השלח, שמחירו לשנה הוא 6 ר' במחיר 2 רובל,

מחיר נמוך שלא היה כמהו.

בשנה הזאת אנחנו נותנים לחותמי „הצפה" ו„השלח" ספר רב הכמות והאיכות.

את **האוצר**, אוצר לשון המקרא והמשנה. מאת ר' שמואל יוסף פין ז"ל.

(הוצאת חברת „אחיאסף"), שמחירו הקבוע בב"מ הספרים הוא 12 ר' **רק במחיר 2 רובל**

בתור **תשורת חנם** מקבלים כל חותמי „הצפה" את **כל שירי ביאליק** בשני כרכים.

בהוצאה מהודרה בתכלית ההידור. (רק בתשלום דמי המשלוח 50 ק' בעד שני הכרכים).

לפי זה, במחיר 10 רובל (ודמי פארטא 90 ק'), שאפשר לשלם גם בשיעורים, בכל רבע שנה, — מקבלים חותמינו את

א) העתון „**הצפה**", ב) הירחון „**השלח**", ג) ספר המלים „**האוצר**"

ד) **כל שירי ח. נ. ביאליק.**

מחיר „הצפה": לשנה 6 רובל; ביחד עם „השלח" 8 ר'; ביחד עם „השלח" ו„האוצר" 10 ר' (פארטא בעד „האוצר" 40 ק'): הדורשים „כל שירי ביאליק" (אם יחד את הפרסים הנ"ל או עם „הצפה" בלבד) מוסיפים על דמי חתימתם 50 ק', דמי המשלוח.

האדריסה Redaction „HAZOFE", Warschau, Postfach 63.

---

# הצפירה לשנת 1905.

הצפירה תביא לקוראיה עניני ספרות ובקרת, מדע והשכל, מאמרים במלאכת מחשבת, השקפות על כל היצירות היפות, עניני רפואה ושמירת הבריאות, פוליטונים ציורים, תולדות אנשי שם, מאמרי פדגוגיא, וכו'. למטרה זו תביא הצפירה לקוראיה **גליונות מיוחדים.**

בשאוף הצפירה להיות למועיל לקהל הקוראים העברים, גמרה אומר לזכותם גם באוצר ספרים גדול ויקר, ובשנה החדשה תתן הצפירה להתומיה, הנם אין כסף, את: **תולדות היהודים** מאת הפרופיסור **צבי גרעטץ**

ום עברי חדש מעובד ע"י סופרים מובהקים.

את ספר „**תולדות היהודים**" תביא „הצפירה" לקוראיה במשך שנתים, בוגין אהדים בכל שבוע.

מלבד התשורה הגדולה הזאת, תתן „הצפירה" להתומיה בשנת 1905 במחיר מצער מאד — **כל ספרי פרץ בן משה סמולנסקין** (בשבעה עשר חלקים) במקום מחירם הקצוב 18,40 רו"כ — אך בעד 2 רו"כ. עוד תתן הצפירה לחתומיה גם לשנת 1905 במחיר מצער מאד כל שירי **יהודה ליב גארדאן** (בששה חלקים) תחת מחירם בשוק הספרים 7 רובל—רק בעד 1,60 רוב.

מחיר הצפירה לשנה: 8, לחצי שנה — 4, לרבע שנה — 2 רובל.

„HAZEFIRA" Warschau, Marianska 2.

# די ברויט־פֿראַגע און ציוניזם.

---

איך ווייס ניט פֿון וואַנען עס האָט זיך גענומען דער טעות, אַז דער ציוניזם קען פֿערענטפֿערן די ברויט־פֿראַגע, — צו די יודישע אַרבייטער האָבען דאָס אויס־געטראַכט, האָבען אַליין זיך געוואָלט אָפּנאַרען, אָדער די ציוניסטישע אַגיטאַטאָרם האָבען זיך מיט דעם בענוצט, כדי די ברייטע יודישע מאַסען צום ציוניזם צו ציהען. ווי דאָס איז פֿאָרגעקומען — איז ניט וויכטיג, וויכטיג איז אָבער צו וויסען, אַז דאָס איז אַ־טעות, אַ ביטערער טעות.

און איך מיין, אַז דיעזען ביטערן טעות האָבען מיר צו פֿערדאַנקען, וואָס מיר האָבען איצט אַזוי פֿיעל טעריטאָריאַליסטען, אונאַנדיסטען און פֿיעלע פּועלי־ציון וואָס זענען קיינע ציוניסטען.

דער טעות — מוז אויפֿגעקלערט ווערן. —

* * *

אין דער גאַנצער וועלט זעהן מיר ווי די אַרבייטער אָרגאַניזירען זיך, נעמען זיך צוזאַמען, כדי מיט פֿעראייניגטע כוחות צו בעשיצען זייערע אינטערעסען. זיי גרינדען טויזענדערליי מינים געווערקשאַפֿטען און יעדע פֿעראייניגטע געווערקשאַפֿט בעזונדער האָט צו פֿערטיידיגען די אינטערעסען פֿון איהרע חברים; די אַלע געווערקשאַפֿטען צוזאַמען בעשיצען די אינטערעסען פֿון דעם אַרבייטער קלאַס בכלל.

בעטראַכטען מיר נאָהענט דיעזע מינים געווערקשאַפֿטען אין אַזעלכע פֿרייע לענדער ווי די שווייץ און ענגלאַנד זענען (אין ענגלאַנד רופען זיך די געווערקשאַפֿטען — „יוניאָנ׳ס״. „יוניאָן״ — הייסט אַ פֿעראייניגונג) — אַזוי זעהן מיר באַלד, אַז ניט נור די עקאָנאָמישע אינטערעסען צו שיצען איז זייער אויפֿגאַבע. אין זייער אַרבייטס־פּראָגראַם פֿערנעמען די גייסטיגע אינטערעסען זעהר אַ וויכטיגע ראָלע. אין לענדער, ווי די שווייץ און ענגלאַנד, האָבען די אַרבייטער דאָס רעכט צו רעדען, צו שרייבען, צו טהון, זיך אָרגאַניזירען. ווי אַזוי זיי ווילען. זיי האָבען דאָס רעכט צו מאַכען שטרייקען (סטאַטשקעס) לויט דעם איינענעם פֿערלאַנג. ווי באַלד די אַרבייטער זוכען ניט מיט געוואַלד דעם אַנדערן צו שטערן אין זיין אַרבייט, ווי לאַנג זיי פֿערהאַלטען־זיך רוהיג — מאָגען זיי אַלעס טהון.

ביי אַזעלכע צושטענדע וואָלט מען געקענט מיינען, אַז די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס דאַרפֿען זיך בעגניגען מיט זייער אַרבייטס־פּראָגראַם: צו בעשיצען די עקאָנאָמישע אינטערעסען פֿון די חברים און צו זאָרגען פֿאַר זייערע גייסטיגע אינטערעסען.

אין אמת'ן אָבער, האָבען שוין כמעט אַלע אין דער שווייץ און פֿיעלע אין ענגלאַנד (מיר האָבען נור אַלס ביישפּיעל דיעזע צוויי לענדער גענומען) איינגעזעהן, אַז כדי צו קענען שיצען די עקאָנאָמישע און גייסטיגע אינטערעסען פֿון די אַרבייטער־מאַסען, מוזען די לעצטע אויך האָבען אַ גרויסע ווירקונג (און וואָס גרעסער אַלס בעסער) אויף דער פּאָליטישער פֿיהרונג פֿון לאַנד.

אַזוי זעהן מיר ווי די מעהרסטענטייל קאנסערוואטיוו—געזינטע טרייד־יוניאָנ'ס (אַרבייטס־פֿעראייניגונגען) נעמען אויף, ווען אויך לאַנגזאַם, די זעלבע פּאָליטישע אַרבייטען, ווי די סאָציאַל־דעמאָקראַטען אין דייטשלאַנד למשל.

אין יענע לענדער, וואו מען קען נאָך ניט רעדען, שרייבען וואָס מען וויל, וואו פֿערזאַמלען זיך און אָרגאַניזירען זיך — קען מען ניט ווי אַזוי מען וויל און ווען מען וויל, — אין אַזעלכע לענדער, הגם די ארבייטער זענען דאָרט פֿיעל מעהר, אַלס אין די פֿרייע לענדער, עקאָנאָמיש און גייסטיג געדריקט, — אין אַזעלכע לענדער זוכען די אַרבייטער קודם כל די פּאָליטישע מאַכט צו בעקומען. זייער גאַנצע אַרבייט כמעט, זייער גאַנצעס טהון און דענקען, זייערע קרבנות ברענגען, — איז כמעט נור, כדי קודם כל אַזעלכע פּאָליטיש־רעכטליכע צושטענדע צו בעשאַפֿען, כדי צו קענען ערשט דאַנן די עקאָנאָמישע און גייסטיגע לאַגע אויסבעסערן.

נאָך מעהר: אין אַזעלכע לענדער, וואו מען איז פּאָליטיש ניט פֿריי, — פֿיהרען די אַרבייטער ניט נור אַ קאַמפּף פֿאַר דער פּאָליטישער פֿרייהייט, נור אַפֿילו ווען זיי פֿיהרען מלחמה פֿאַר אויסבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע — פֿערווענדען זיי דיעזע מלחמות דאַרויף, כדי קודם־כל פּאָליטיש פֿריי צו ווערן. די סטאַטשקאַ (שטרייק) וועלכע זאָל דאָך דיענען דערצו פֿאַר ריין־עקאָנאָמישע אינטערעסען, ווערט באַלד פֿערווענדעט, כדי די פּאָליטישע רעכטע צו בעקומען.

דאָס זעהן מיר איצט קלאָר אין רוסלאַנד, דאָס האָבען מיר אויך פֿאַר אַ פּאָאָר יאָהר געזעהן אין בעלגיע, וואו די אייזענבאַהן־אַרבייטער האָבען געשטרייקט, ניט נור עקאָנאָמיש בעסערע בעדינגונגען צו ערקעמפֿען, נור הויפּטזעכליך אַ בעסערעס, אַ גערעכטערעס וואַהל־סיסטעם אין פּאַרלאַמענט, צו בעקומען.

מיר זעהן אַלזאָ דאָ צוויי זאַכען: מיר זעהן, אַז אַפֿילו אין אַזעלכע פּאָליטיש פֿרייע לענדער, ווי די שווייץ און ענגלאַנד זענען, וואו די אַרבייטער (און איבערהויפּט די עקאָנאָמיש־אונטערדריקטע מאַסען) קענען זיך פֿריי ענטוויקלען נאָכ'ן איינענעם רצון, אין לענדער וואו עס זענען שוין פֿאַראַן פֿיעלע געזעטצע, וואָס האָבען צו שיצען די אַרבייטער (פֿרויען־אַרבייטער שוטץ; קינדער־אַרבייטער שוטץ א. ז. וו.) זענען דאָך די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס געצוואונגען פֿיעל פֿון זייער אַרבייט דאַרויף אַוועקצוגעבען, כדי די פּאָליטישע מאַכט פֿון לאַנד אין זייערע הענד צו בעקומען. ווייטער זעהן מיר, אַז אין פּאָליטיש ניט־פֿרייע לענדער, מוזען די אַרבייטער כמעט אַלע זייערע כוחות אַוועקגעבען דערפֿאַר, כדי ערשט צו בעשאַפֿען יענע פּאָליטישע צושטענדע, ביי וועלכע עס ווערט ערשט מעגליך דער עקאָנאָמישער קאַמפּף. —

פֿון דעם ביז איצט געזאָגטען קענען מיר איינזעהן, אַז הגם די ברויטפֿראַגע, (עקאָנאָמישער קאַמפּף) איז דער עיקר ביי די אַרבייטער, הגם דאָס איז דער תוך

דער קערן, צוליב וועלכען זיי ארגאניזירען זיך, — געבען זיי אפט אוועק אלע, אדער כמעט, אלע זייערע כוחות ניט דירעקט פאר דעם ברויט־קאמפף.

און אזוי ווי פאליטישע קעמפפע דויערן אפט צעהנדלינגער און אויך הונדערטער יאהרען. — אזוי ווערט — בשעת'ן קאמפף — די ברויטפראגע ווי אפגעווישט.

אין יעדען פאליטישען קאמפף וועט איהר תמיד זעהן, אז גראד ענע, וואס האבען האטש עפּיס ברויט, — שטעהן אין די ערשטע רייהען און יענע, וואס זענען עקאנאמיש רואינירט, ד. ה. וואס האבען קיין דאר שטיקעל ברויט דעם הונגער צו שטילען, — בעטייליגען זיך ניט אין אזעלכע קעמפפע.

באסיאקעס, בראדיאגעס, גאסען־מענשען זענען ניט פעהיג אירגענד־וועלכען קאמפף צו פיהרען. זיי קענען רויבען, אבער ניט קעמפפען.

כדי צו קעמפפען פאר עפּעס העכערן מוז מען דאס ווענינער־הויכע האבען.

* * *

עס איז דערפאר ניט אמת, ווען מען זאגט, אז די ארבייטענדע מאסען, זענען פעהיג זיך צו בעגייסטערן און קרבנות צו ברענגען נור פאר אזעלכע „בעווענונגען", וועלכע האבען נור די ברויט פראגע אין זינען, כדי צו ווייזען, אז דאס איז ניט אמת, האבען מיר ערשט ניט בעדארפט בלעטערן די וועלט־געשיכטע, כדי צו זעהן ווי מיליאנען ארבייטענדע פלעגען פאר די פערשיעדענסטע „אידעאלען" דען קאפף מקריב זיין (למשל פאר רעליגיעזע צוועקען); מיר האבען געזעהן, אז גראד איצט, פאר אונזערע אויגען (היינט איז דער 17/I 1905) ברענגען ארבייטער קרבנות ניט דירעקט פאר'ן „ברויט".

און ווען מען פרעגט זיך צו זאלען די יודישע ארבייטענדע מאסען צוטרעטען צום ציוניזם, — איז דאס כלל ניט נייטיג צו בעווייזען, אז דער ציוניזם איז א תשובה אויף דער ברויטפראגע; און ווען מען קען דאס ניט בעווייזען — איז דאס כלל קיין סימן, אז די יודישע ארבייטער האבען ניט אין ציוניזם וואס צו זוכען.

ניין! מיר זאגען עס אפען: דער ציוניזם איז דירעקט קיין תשובה אויף דער ברויטפראגע, און אויב דערפאר קענען די יודישע ארבייטער ניט צו טרעטען צום ציוניזם, — אזוי קענען זיי אויך צום „בונד" ניט צוטרעטען, ווייל אויך דער „בונד" גיבט קיין תשובה אויף דער ברויטפראגע, אויך דער „בונד" וויל ערשט העלפען בעשאפען יענע צושטענדע, ביי וועלכע מען זאל ערשט קענען מיט דער ברויט־פראגע, און ניט מיט איהר אליין, זיך בעשעפטיגען.

נור ניט דער „בונדיזם" אינטערסירט מיך דא אין דיעזען ארטיקעל, מיך אינטער־סירט דא דער טעריטאריאליזם, איז דער „בונדיזם" קיין תשובה אויף דער ברויט־פראגע (די יודישע ברויטפראגע קען איבערהויפט אין גלות קיין תשובה גע־פינען) ניט ער דאך אפשר א תשובה אויף אנדערע פראגען, בעת דער טעריטא־ריאליזם קען קיין שום פראגע פערענטפערן.

דער טעריטאריאליזם ציהט זיין חיונה הויפטזעכליך פון דעם „געדאנק", אז וויל דער ציוניזם קען קיין תשובה געבען אויף דער ברויטפראגע, ד. ה. ווייל דער ציוניזם קען ניט גיך אויסהעלפען מיליאנען יודען, לכן מוזען מיר ווערן טעריטא־ריאליסטען ד. ה. מיר מוזען זוכען א טעריטאריע, וועלכע זאל אונז טאקע באלד קענען העלפען.

אַנדערע פּאַלעסטינאַ־ציוניסטען דערשרעקען זיך פֿאַר אָט דיעזען „געדאַנק“ און קנייטשען זיך אָפּט דעם שטערן, כדי „אויסצוטראַכטען“ אַ טהעאָריע, וועלכע זאָל בעווייזען אַז גראָד פּאַלעסטינאַ וועט פֿאַרענטפֿערען די ברויטפֿראַגע.

איך מיין, אַז דאָס איז קיין ריכטיגע מעטאָדע. מיר מוזען מודה זיין, אַז „ציוניזם“ אין פּאַלעסטינישען זינן איז קיין תשובה אויף דער ברויטפֿראַגע. נור מיר מוזען נאָכזעהן די אורזאַכען דערפֿון. אַז מיר וועלען דאָס וויסען — וועלען מיר שוין במי־א זעהן, אַז אויב דאָס לאַנד פֿערענטפֿערט ניט די ברויט־פֿראַגע, אַזוי קען אַלאַנד סתם נאָך וועניגער אונז העלפֿען.

* * *

דער ציוניזם, דאָס איז די פּאָליטישע בעוועגונג פֿונם יודישען פֿאָלק, פֿון די געקנעכטעט, אין אַלע לענדער אונטערדריקט יודישע מאַסען, זאָל ווידער ווערן אַ פֿרייעס פּאָליטיש־זעלבסטשטענדיגעס פֿאָלק. ווען דאָס יודישע פֿאָלק וועט זיין פּאָליטיש זעלבסטשטענדיג, ד. ה. ווען עס וועט מיט זיך פֿארשטעלען אַ רעגיערענדעס פֿאָלק אין זיין אייגענעם לאַנד, וועט עס ערשט די מעגליכ־קייט האָבען אין אַלע בעציעהונגן זיך צו ענטוויקלען. דאָס יודישע זעלבסט־שטענדיג־געוואָרדענע פֿאָלק וועט דענסטמאָל אָנעמען יענע עקאָנאָמישע פֿאָרמען צו וועלכע עס וועט זיין אַם בעסטען געאייגענט. מיר קענען איצט בשום אופֿן ניט נביאות זאָגען, ווי אַזוי אונזער פֿאָלק וועט זיך ענטוויקלען. פֿאַלשע נביאים ווילען מיר ניט זיין. דאָס לאָזען מיר איבער אונזערע דעמאַגאָגען, וואָס פֿערזיכערן שוין איצט דעם יודישען אַרבייטער גאָלדענע בערג. אַ קאָנסטיטוציע פֿון אַ שטאַאַט שרייבט מען ניט פֿריהער. דאָס יודישע פֿאָלק וועט דענסטמאָל אָנעמען יענע רעגיערונגס־פֿאָרם צו וועלכע עס וועט אַם בעסטען געאייגענט זיין.

אַ ציוניסט זיין הייסט — זיך וועלען בעפֿרייען פֿונם איצטיגען גלות. האָבען מיר זיך פֿונם גלות בעפֿרייט, אַזוי האָבען מיר דערמיט אַליין בעקומען די מעגליכ־קייט אויף די אַנדערע פֿיעלע פֿראַגעס תשובות צו זוכען, פּונקט אַזוי ווי די גוי־שע אַרבייטער. וואָס זוכען אין זייערע לענדער קודם־כל פּאָליטיש זיך צו בעפֿרייען, כדי צו קענען שפּעטער, זייענדיג פֿריי, זיך בעשעפֿטיגען מיט די אַנדערע פֿראַגען, וועלכע שטעהן זיי אין גרונד פֿיעל נעהנטער אַלס די פּאָליטישע בעפֿרייאונג.

איך זאָג: ציוניזם איז די פּאָליטישע בעוועגונג פֿונם יודישען פֿאָלק. דערמיט איז אָבער ניט געזאָגט אַז אונזער פּאָליטישע בעוועגונג מוז אַזוי דורכגעפֿיהרט ווערן, ווי די פּאָליטישע בעוועגונגען פֿון אַנדערע פֿעלקער. אָדער קלאַסען.

בעת די מאקעדראָניער פֿערגיעסען בלוט און די אַרבייטער מאַכען באַריקאַדען, מוזען מיר אַנדערע וועגען זוכען.

פּשוט דערפֿאַר, ווייל מיר זענען דאָ, און אונזער לאַנד — איז ניט אונטער אונזערע פֿיס. מיר האָבען דערפֿאַר צוויי הויפּטאַ־ביטען: ערשטענס, אַז די וואָס זענען דאָ, ד. ה. אין די גלות לענדער, זאָלען אמת ערנסט וועלען זיך בעפֿרייען פֿונם שענדליכען און גלות, צווייטענס מוזען מיר יענעם לאַנד זוכען צו בעקומען.

אין וואָס אונזער אַ־בייט דאָ זאָל בעשטעהן — וויל איך דאָ ניט אַרומרעדען. מען האָט שוין גענוג דעריבער געשריעבען און מיר וועלען זיך אפשר צו דיעזער פֿראַגע נאָך אַ מאָל אומקעהרן, כדי אויספֿיהרליך זי אַרומצורעדען.

מיך אינטערעסירט דא מעהר יענע אַרבייט, וועלכע ברענגט אונז נעהענטער צום לאַנד. און איך מיין, אז די אַרבייט דא אין גלות העננט זעהר פיעל אָפּ פון דער אַרבייט דאָרט, דען וואס מעהר מיר ערוועַרבען דאָרט לאַנד, וואס מעהר קראַפט מיר בעקומען אין יענעם לאַנד — אַלץ לייכטער ווערט אונז די אַרבייט דא: די מאַסען בעקומען מעהר צוטרויען צו אונז און מיר אַליין - גלייבען מעהר אין אונזער ענד־נצחון.

כדי צו בעקומען יענעם לאַנד — מוזען מיר אַלע, אבסאָלוט אַלע מיטעל אַנווענדען. די. טשאַרטער־דיפּלאָמאַטיע דאַרף און מוז וויטער געפיהרט ווערן; מיר דאַרפען זיך בעטייליגען אין אַלע חברות, וואס האָבען דען צוועק פּאַלעסטינאַ אין יודישע הענד צו בעקומען, מעגען מיר אויך מיט פיעלע אנזיכטען פון דיעזע חברות ניט איינפערשטאַנען זיין; מיר מוזען אַליין — דורכ'ן נאַציאָנאַלפאָנד — קויפען וואס מעהר לאַנד; פיעלע כוחות דאַרפען מיר אַוועק געבען דאָרט, די יודען וואס זענען שוין אין ארץ־ישראל צו אָרגאַניזירען, זיי קולטורעלער און זעלבסטשטענדיגער צו מאַכען. זאָלען די אחד־העמ־סטען פאָהרען אַהין כדי אַ „מרכז רוחני" צו גרינדען; זאָלען די אַנדערע דאָרט צייטונגען אַרויסגעבען און די דריטע זאָלען שולען גרינדען; מיך וועט ווענינער אינטערעסירען צו איז בעלקינד אַ גוטער אגראנאם צו ניין, צו האָט ש. ראָזענפעלד מיט זיינע טענות גענען בעלקינדען רעכט צו ניין; — דער פאַקט, אז בעלקינד האָט געגרינדעט אַ שולע אין ארץ־ישראל, דער פאַקט, אז בעלקינד האָט אַרויסגעשלעפט פונם גלות אַ געוויסע צאָהל קינדער און זיי בעזעצט אין ארץ־ישראל, איז מיר מעהר וויכטיגער, ווי אַלע אַרטיקלען פון ש. ראָזענפעלד און אַנדערע וואס האָבען זיך ווי אַ „נדר געטהון" אַלעס וואס ווערט בעשאַפען אין פּאַלעסטינאַ — צו פערקלענערן, פערניכטען אויב מעגליך.

אַ שלעכט־געפיהרטע שולע קען זיך אויסבעסערן; אַ שוואַכע אָרגאַניזאַציע — קען זיך שטאַרקען. אויף בלויסע אַרטיקעל—איז נאָך קיין שטאַאַט אויסגעוואַקסען.

אין דער לעצטער צייט האָבען אָנגעהויבען פועלי־ציון פאָהרען אין פּאַלעסטינאַ, כדי שוין דאָרט אַ פרישען, אַ דעמאקראַטישען גייסט אין די יודישע קאָלאָניעס איינצופיהרען. אָט דאָס איז אַ אַרבייט! דיעזע אַרבייט — זי מאָג געלונגען אָדער ניט — איז פיעל מעהר וויכטיג אַלס אַלע סאָציאַליסטישע טהעאָריען פון דר. נ. סירקין וואס בלייבט זיך ביי זיך אין קאַבינעט און זאָגט אונז נביאות, ווי אַזוי דער יודענשטאַאַט וועט זיך ענטוויקלען.

זאָלען די דר. סירקינס פּאָהרען אַהין — (מיינעטוועגען אויך נאָך אוגאַנדא) כדי דאָרט איינצופיהרען אין לעבען דאָס וואס זיי לערנען פון בוך אַרויס.

איך וויל דערמיט ניט זאָגען, אַז די טהעאָריען זענען ניט נוצליך. נוצליך און זאָגאַר אונבעדינגט נייטיג זענען זיי, נור—ווען דאָס אַלעס האָט אַ צוזאַמענבונד מיט'ן לעבען.

און דאָס לעבען, ד. ה. די בעדינגונגען אונטער וועלכע מיר לעבען אין דער גאַנצער וועלט, זענען אַזעלכע, אַז מיר האָבען ניט די מעגליכקייט אונזער לאַנד מיט גוואַלד בעקומען. קענען מיר עס ניט מיט גוואַלד בעקומען אַזוי מוזען מיר זעהן (מיר האָבען קיין ברירה) עס דורך אַרבייט צו געווינען. און דאָס מוז לאַנג דויערן. דאָס קען אין קיין איין יאָהר, אין קיינע 10—20 יאָהר ניט געמאַכט ווערען.

דערפֿאַר מוזען מיר אונז זאָגען: דאָס לאַנד מוז לאַנגזאַם, שריט בּיי שריט, געוואונען ווערן. דאָס הייסט שוין במילא, אַז מיר קענען ניט פֿערזיכערן די מיליאָנען יודען אַז זיי וועלען באַלד דורכ'ן ציוניזם געהאָלפֿען ווערן.

עס איז אַ פּוסטע פֿראַגע, ווען מען זאָגט, אַז דער ציוניזם דאַרף שוין אָנהויבען עפּיס דעם „פֿאָלק" צו געבען און ניט נור נעמען. דיעזע פֿראַגע האָט קיין אינהאַלט. און ווער עס זאָגט אַזוי — דער האָט זיך ניט קיין חשבון אָפּגעגעבען פֿון דעם וואָס ער רעדט. דער ציוניזם האָט גאָר ניט צו געבען. דער ציוניזם איז ניט דאָס אייגענטום פֿון חיים'ן, אַז ער — חיים — זאָל דאַרפֿען געבען שלום'ן. חיים און שלום, יעקב און משה זענען דאָ אַלע גלייך. איינער גיט ניט דעם צווייטען און דער צווייטער נעמט ניט. ווען הונדערט מענשען גיבען מיר דען שקל, אַזוי האָב איך מיט נעמען פֿון שקל מעהר געגעבען אלס יעדער שקל צאהלער בעזונדער און אפשר מעהר פֿון אַלע צוזאַמען. דערפֿאַר אַז מיר קומען צו אַ טייל יודען (אין דיעזען פֿאַל צום אַרבייטער) דאַרפֿען מיר איהם ניט פֿערזיכערן, אַז דער ציוניזם וועט איהם עפּיס געבען. מיר דאַרפֿען נור דערציילען וואָס ציוניזם איז, וואָס יעדער דאַרף טהון, כדי דעם ציוניזם אויסצופֿיהרען.

וועלען מיר אַזוי אגיטירען דעם ציוניזם — וועלען מיר ניט געניטיגט זיין צו בעווייזען, אַז דער ציוניזם מוז ברויט געבען. מען גיט איבערהויפּט גאָר ניט, מען נעמט זיך. אַזוי ווי די אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען נעמען זיך (אַז זיי זענען בכוח) די פּאָליטישע פֿרייהייטען, אַזוי וועלען מיר יודען — דען דער ציוניזם איז אַ פּאָליטישע בעוועגונג — זיך אויך נעמען אונזערע פֿרייהייטען.

קומט מען צו אונז און מען זאָגט, אַז מיר זאָלען זיך אָפּזאָגען פֿון ארץ־ישראל און זוכען אַנ'אַנדער לאַנד — הייסט דאָס אַזוי פֿיעל, ווי אונזער בעוועגונג געבען נאָך אַוויטערעס ציעל אלס מיר האָבען איצט. מיך אינטערסירט דאָ ניט די פֿראַגע צו איז איבערהויפּט פֿאַר'ן יודישען פֿאָלק מעגליך אויך אין טויזענטער יאָהר אַרום ערגעץ וואו אַ טעריטאָריע צו בעקומען, זאָל זיין, אַז די מעגליכקייט איז יאָ פֿאַראַן (וועלכע איך לייקען אָפּ. דער בעוויז פֿון דער מעגליכקייט מוז אָבער פֿון אַנדערע זייט געבראַכט ווערן, פֿון די וואָס גלייבען אַז יאָ). טאָ, פֿרעגט זיך: ווי אַזוי קען דיעזע נייע טעריטאָריע געבען אַ תשובה אויף דער ברויט־פֿראַגע? אויף אַסיפֿות, און פּריוואַט־געשפּרעכען, אומעדום שטעל איך דיעזע פֿראַגע אונזערע טעריטאָריאַליסטען און איך בעקום קיין תשובה.

און גראַד דאָס איז דאָך די וויכטיגסטע פֿראַגע. צו זאָלען מיר צוערשט די פּאָליטישע רעכטע בעקומען און דערנאָך ערשט אנהייבען קאָלאָניזירען, צו צוערשט קאָלאָניזירען און דערנאָך ערשט די פּאָליטישע רעכטע זיך נעמען. — דעריבער קען מען פֿערשיעדענע מיינונגען האָבען. איך פֿון מיין זייט בין פֿעסט איבערצייגט (און די וועלט געשיכטע ווייזט דאָס זעלבע) אַז צוערשט ערווערבט מען דאָס לאַנד (צו דורך גוואַלד. צו דורך קאָלאָניזאַציע און אינדוס־טריע איז אַ אַנדערע פֿראַגע), אַז צוערשט מוז מען ווערן די פֿאַקטישע בעלי־בתים פֿון לאַנד און ערשט דערנאָך קען מען, זייענדיג דאָרט, דען איינענען זעלבסט־שטענדיגען שטאַאַט גרינדען, אַנדערע מיינען, אַז, צוערשט מוז מען דען „טשאַרטער" די „אוטאנאמיע" בעקומען, גוט. נור עס פֿרעגט זיך: אַז מען האָט שוין דען טשאַר־

טער, די אַווטאָנאמיע, קען מען קומען צום יודישען פֿאָלק און איהם זאָגען, אַז עס וועט נ י ך געהאָלפֿען ווערן? קען מען זאָגען די יודישע אַרבייטענדע מאַסען אַז דאָס ברויט, וואָס זיי זוכען, קענען זיי אַ דאַנק דער „אווטאנמיע" באַלד בעקומען?

געוויס ניט. אָט האָט איהר אַ „אווטאנאמיע" אין אוגאַנדא, אָט האָט איהר די מעגליכקייטען אין קאַנאַדאַ פֿיעל ערד צו בעקומען — פֿאַרוואָס קען דאָרט ניט די ברויט פֿראַגע פֿאַר־ענטפֿערט ווערן? פֿאַרוואָס האָט אונז אַ ר ג ע נ ט י נ אַ גאָר ניט געגעבען? „אַ שלעכטע אַדמיניסטראַציע". „באַראָן הירש אַ פֿילאנטראָפּ". נור דאָס זענען דאָך קיינע תירוצים פֿאַר'ן סאָציאַל־עקאנאם. דאָס זענען „שיינע" גאָר ניט זאָגענדיגע פֿראַזען פֿאַר אַ „פֿאָלקס־רעדנער". אַ פֿאָלקס בעוועגונג ווערט ניט אויפֿגע־האַלטען פֿון שלעכטע אדמיניסטראטארען. די מיליאָנען יודען גיעבען קיין געלד פֿאַר דער אוגאַנדאַ־עקספּעדיציע. זאָגט מען אונז, אַז דאָס איז דערפֿאַר ווייל א ו ס י ש ק י ן האָט ניט געוואָלט. ווי לעכערליך דאָס איז! זיי, די פֿיינד (פֿיינד, ניט בלויס געגנער זענען זיי) פֿון אוסישקין גיעבען אוסישקינען אַזאַ מין גוואַלטיגע קראַפֿט, וועלכע ער האָט קיינמאָל געהאַט. מיליאָנען יודען וועלען זיך לאָזען אויפֿהאַלטען ווייל אוסישקין וויל ניט! נור קינדער אָדער דעמאגאגען קע:ען אַזוי רעדען. די מיליאָנען יודען האָבען פּשוט ניט געפֿיהלט, אַז אוגאַנדאַ קען זיי עפּיס „געבען" און אוסישקין דער „ביראָקראַט" האָט מיט זיין פֿערהאַלטען זיך אין דער אוגאַנדאַ־פֿראַגע רעפּרעזענטירט, פֿאָרגעשטעלט די ניט אַרויסגעזאָגטע מיינונג פֿון פֿאָלק. —

* * *

ניין. ניט פּאַלעסטינאַ, ניט אוגאַנדאַ, אַרגענטינאַ אָדער קאַנאַדאַ, אָדער גלאַט אַזוי אַ טעריטאָריע וועלכע דער אק. קאָמיטעט דאַרף ז ו כ ע ן — קען געבען אַ גיכע תּשובה אויף דער יודישער ברויט־פֿראַגע. איין גרויסע יודישע פֿאַבריק אין רוסלאַנד וועט פּאַקטיש מעהר ברויט געבען אַלס אוגאַנדאַ מיט קאַנגאָ צוזאַמען.

איז דער ציוניזם קיינע ד י ר ע ק ט ע ברויט־בעוועגונג — אַזוי האָבען מיר זיך דאָך ניט אָ פּ צ ו ז אָ ג ע ן פֿון יענעם לאַנד, וועלכעס איז דורכגעווייקט מיט אונזער בלוט און מאַרך. איז ציוניזם אַ פּ אָ ל י ט י ש ע בעוועגונג (און ב מ י ל א אַ קולטורעלע) אַזוי איז דאָך פּשוט אַ פֿערברעכען זיך אָפּצוזאָגען פֿון אַלע יענע פּאָליטישע שאַנסען, וועלכע מיר האָבען אויף א ו נ ז ע ר לאַנד, זיך אָפּזאָגען פֿון אַלע אַרבייטען ביז איצט פֿון יענע אַרבייטען וועלכע האָבען אונז פֿיעל נעהענטער געבראַכט צו פּאַלעסטינאַ, אַלס די טשעמבערלענ'ס און דשאנסטאנ'ס (יודישע „פֿריינד") קענען אונז ברענגען צ אוגאַנדאַ, אָדער אַנאַנדערע טעריטאָריע. —

* * *

בדרך אגב האָב איך אין אַרטיקעל בעריהרט פֿראַגען, וועלכע פֿערדיענען, פֿאַר זיך, אַ אויספֿיהרליכע בעהאַנדלונג. איך וויל נור, אַז די אַלע וואָס האָבען ביי זיך שוין גע'פּועל'ט אַז זיי דאַרפֿען זיין טעריטאָריאַליסטען זאָלען די פֿראַגע ערשט אַרומשטודיערען: זיי וועלען אפֿשר קומען צו אונז.

ווען צ י י ט ל י ן האַלט אין איין טענה־ן אַז ער ספק'ט זיך אין אַליץ, וואָס אַנבעלאַנגט דעם פּאַלעסטינאַ־ציוניזם, אַז פּאַלעסטינאַ איז איהם ליעב און טהייער, נור די ספיקות לאָזען איהם ניט רוהען — אַזוי פֿערשטעה איך איהם. איך פֿערשטעה איהם אָ ב ע ר ניט ווען ער רעדט מיט אַ ז י כ ע ר ן פֿ ע ס ט ע ן טאָן, ווען ער

פערטיידיגט זיינע טעריטאָריאַליסטישע אידעען, בעת ער ספּקיט זין אין דער זייט — קען ער נ י ט זיין פעסט אין דער אַנדערער זייט. אויב ער איז עהרליך און מוטהיג געַנוּג — וועט ער עס מודה זיין.

איך דערמאָן דאָ צייטלין און מיין נאַטירליך ניט איהם אַליין. פאַראַן ביי אונז פיעל בעלי ספקות ווי צייטלין. איך פערלאַנג פון אַלע (פון די עהרליכע), אַז איידער זיי פערוואַרפען דען „אַלטען" ציוניזם, זאָלען זיי זיך צום ערשטען אָפּגעבען חשבון, צו איז דער „נייער" ציוניזם, דער טעריטאָריאַליזם, ניט נאָך מעהר פול מיט ספקות און סתירות, וועלכע זיי האָבען געפונען אין פאַלעסטינאַ-ציוניזם.

נור — — — וועלען זיי נור ערנסט. וויסענשאַפטליך (סאָציאַל-פּאָליטיש, סאָציאַל-עקאָנאָמיש) זייער טעריטאָריאַליזם בעטראַכטען — אַזוי הערען זיי אויף — — — טעריטאָריאַליסטען צו זיין. —

ווארשא.

דר. י. ווארטסמאנן. —

---

* *
*

אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען, מַיין בְּרוּדֶער,
פוּן וֶועג אָנְגֶעפְּלָאגְט פוּנ'ם שְׁוֶוערן,
פַאר דִיר זִיךְ דָאס הַארְץ אוֹיס דֶערְצֶעהלֶען,
פַאר דִיר זִיךְ אוֹיסוַויינֶען דִי טְרֶעהרֶען.

אִיךְ בִּין נִיט דֶערצֶעהלֶען גֶעקוּמֶען,
וִוי פִיעל כְ'הָאב גֶעפְּלָאגְט זִיךְ, גֶעלִיטֶען
וִוי טְרוֹיעריג-שְׁוֶוער סְ'אִיז גֶעוֶועזֶען
דֶעם וֶועג צוּ פֶערְלָאזֶען אִין מִיטֶען.

פָארִיבֶּער אִיז אַלֶעס, מַיין בְּרוּדֶער,
צוּ שְׁוֶוער אִיז גֶעוֶועזֶען צוּ שְׁטְרַייטֶען;
עֶס הָאט נִיט גֶעקְלֶעקְט אוֹיךְ קֵיין כֹּחַ
צוּ פַאלֶען, צוּ שְׁטַארְבֶען וִוי לַייטֶען.

אוּן סְ'אִיז אוֹיךְ נִיטָא וָואס בֶּעוֵויינֶען, —
פֶערְגֶעסֶען אִיז אַלֶעס גֶעוָוארֶען;
אִיךְ וֵויים נִיט צוּ הָאב אִיךְ גֶעהַאט וָואס,
צוּ הָאב אִיךְ וָואס עֶפֶּעס פֶערְלָארֶען.

יעקב פיכמאַן.

# שכנות.

(ערצעהלונג).

---

פֿון תמיד אָן געדענקט זיך ברכה זעלדעס — א זעכצען־יעהריג מיידיל — אין שכנות מיט אברהמ׳קע גאלדמאנס הויז. די מוטער דערצעהלט איהר, אז אכטצען יאהר זיצען זיי שוין אזוי אין שכנות. גלייך אין איין שבת־נחמו, דערצעהלט זעלדע, האבען זיי ביידע — זי און שרה אברהמ׳קעס — חתונה געהאט. יענע האט געוואקסען פֿון יאהר צו יאהר, און האט זיך אויפֿגעשטעלט אזא הויכע שטוב! פֿארפֿונדעוועט מיט „כל־טוב" — נור קינדער האט איהר גאט־ברוך־הוא נעגעבען א „מכה"!

זי, זעלדע, אבער איז, אדאנק דעם, וואס לעבט עביג, געבענשט מיט קינדער; נור דאס שטיבעל איהרס דאכט זיך לויפֿט איין פֿון יאהר צו יאהר. די ווענט בייגען זיך ווי אַ ביטערע עלטער; פֿון די רינוועס, וואס אויף יענעם גריענעם דאַך, רינט אפּט אראב דאס רעגענוואסער אויף איהר בוידעם. פֿון דארט קימט עס א מאל אראב אין שטוב אריין פונקט אויף די געלעגערס. —

צווישען די ביידע הייזער איז ניט מעהר — ווי אַ שיטער געפֿלאָכטען פלייטעל — און וואָס פֿאַר א חילוק פֿון דעם הויז צו יענעם! עס ווייזט אויס, אַז גאָט־ברוך־הוא האָט אומיסטען די צוויי הייזער נאָהענט געשטעלט, כדי דאָס אויג זאָל בעסער חאַפּען די הייך מיט דער גרייס פֿון יענעם רייכען הויז. —

ברכה האָט ניט קיין שלעכט אויג: זי פֿאַרגיענט יענעם זיין גוטס. וואָלט נור פֿון די רינוועס ניט אריינגערעגענט צו זיי!

פֿיינד האָט זי נור די זאַטע פּנימער פֿון יענע הויז־בעזיצער. מעהר וואַ־פֿט זיך איהר אין די אויגען אברהמ׳קע:

אַ פּנים דער האָט! יונג! בלוט און מילך! תמיד שמייכעלט ער; תמיד פֿונקלען אין איהם די אויגען! וואָס איז פֿאַר אַ חדוש? קיינמאָהל האָט עס קיין נויט ניט געהאַט. דער מסחר פֿון עיסקא איז אַ פּנים לויטער ריוח.

פֿון זינד זי געדענקט, איז מען נאָך פֿון דאָ־ט קיינמאָל ניט געקומען צו זיי עפּיס לייהען — א כלי אָדער־וואָס. פֿאַרקעהרט: די מוטער שיקט זי אהין אָפֿט־מאָל לייהען אַ קאַן וואַסער, אַ לעפֿעל, אָדער־וואָס.

אויף איינמאָל איז זי אַריינגעגאַנגען לייהען אַ פֿערטיל ברויט — צום אָנבייסען, האָט זיך שרה אויסגעשריענען:

„וואָס איז דאָס פֿאַר אַ גאַנג פֿון אַ בעל־הבית'טע? אַלס לייהען! איז צוקער, איז אַ לעפֿעלע טעה! איך דאַרף עס האַלטען אַ בוכהאַלטער פֿון אייער'ט וועגען?! דער קאָפּ קאָן זיך דען אָנגעדענקען?! אי פֿע! אַדרבה: צו לייהעט מען עפּיס פֿון דאַנען אַמאָל ביי איך?"

ברכה'ן האָט געגומען אַ פֿאַרדרוס: זי האָט געבעטען גאָט, די שכנה זאָל אַמאָל דאַרפֿען אָנקומען צו זיי־האָטש מיט עפּיס:

„אָט אַ שטייגער, גנבים זאָלען ביינאַכט דאָרט זיך אונטערגראָבען, און שרה זאָל קלאַפּען אין דער שותפֿות'דיגער וואַנד — רופֿען צו הילף!"

„האָליך איז דאָרט תמיד פֿאַרהאַן אַ סך! אָט־אַשטייגער, ווינטער זאָל מען דאָרט אַזוי הייצען, ביז אַלע זאָלען פֿאַרטשאַדעט ווערן. עס זאָל ניט זיין ווער ס'זאָל לויפֿען נאָך אַ דאָקטאָר, חוץ איהר".

נור ביי אַברהמקען איז דאָ גראָבע ווענט; ניט אַזוי גיך גראָבט מען זיך דאָרט אונטער; און הרובעס איז דאָרט איינגעפֿיהרט מיט ענגלישע טיהרליך: אויס געהייצט, פֿאַרדרעהט — און ווי די וואַרעם זאָל ניט גרויס זיין, איז קיין טשאַד ניט גדאַכט!

חרוסת מאַכט ברכה'ס פֿאָטער אויף פסח צו די סדרים, און איז מזכּה מיט זיי די גאַנצע גאַס בחנם. ברכה האָפֿט, אַז פֿון אברהמקען וועט מען אויך אַריינקומען מיט'ן שעהליכען בעטען חרוסת.

נור אַברהמקען טראָגט דער שמש אַהיים פֿאַרטיגע חרוסת.

ע״ב סוכּות האָט דער פֿאָטער געבראַכט סכך צו זיין סוכּה. עס איז נאָך איבער געבליעבען מעהר, ווי ער האָט פֿאַרניטצט.

ברכה האָט אַריבערגעשריגען איבערן פּלויט: „איהר דאַרפֿט ניט אַ ביסעל סכך? ביי אונז איז געבליבען!"

ביי אונז איז אַ געבויעטע סוכּה מיט טאַפֿעלן געדעקט — ענטפֿערט פֿון דאָרט אַריבער איין אַלטע דיענסט־יודענע.

גאָר ניט, גאָר ניט — פֿעהלט זיי אַזוינס, וואָס ברכה זאָל קענען אויסלייהען!

און יאָהרן געהען. ברכה ווערט עלטער. אברהמ'קע מיט שרה'ן ווערן, דאַכט זיך, יונגער. נור דער פּלויט וואָס צווישעןביידע הייף שטעהט אין איין מאָס. פֿאַרקעהרט: ברכה'ן ווייזט זיך — ער ווערט נידעריגער: וואס עלטער זי ווערט, אַלס גרינגער איז איהר אַהין אַריבער צו קוקען.

שכנות ווייזען זעלדען אָן אויף ברכה'ן: „קיין בייז אויג" אויפֿגעהאַפּט זיך! אַ מויד — אַ פֿאַרשוין! זי וואַקסט אַ פּנים ביי נאַכט".

די מוטער וואַרפֿט אויף ברכה'ן איין אויג, קוועלט אין זיך, און זיפֿצט אָב. אַזוי זענען שוין מוטערס: האַלטען זיך די קינדער נידעריג אין דער וואוקס — איז שלעכט; וואַקסען זיי אויס, איז אַ דאַגה מיט אַ חתן. דער רבונו־של־עולם קען קיינמאָל פֿאַר אַ מוטער ניט יוצא זיין.

ברכה מאַכט זיך ניט־הערנדיג, געהט פֿאַרביי דעם שפּיעגעל, וואַרפֿט אַהין איין אויג — און עס פֿריידט זיך אין איהר דאָס האַרץ.

און אַז זי געהט אַרויס אין הויף, טרעפֿט זי דאָרט אָפּט אַברהמ'קען אויף יענער זייט פּלויט. ער שטעלט זיך אָב. די אויגען פֿונקלען. ער בעלייט זי מיט דורשטיגע בליקען.

זי פּיהלט אינסטינקטיוו, אַז זיינע אויגען פֿאַלען אויף איהר... און זי ווערט רויט.

אַז זי קומט אין שטוב אַריין, גערט זי פֿאַרביי דעם שפּיגעל טענצלענדיג. זי וויל זיך ברענגען אין דער פֿריהריגער פּאזע: אַלס זאָל זיך אויף איהר טרעסלען און וויגען, ווי פֿריהער — אין הויף... און בלייבט צופֿריעדען מיט זיך. —

לעננער לאָזט זי אַראָב די קרויזען אויפֿן שטערן, די קאַסען — אויף דער פּלייצע; ענגער ציהט זי אויף זיך איין די יובקע; לויזער לאָזט זי דעם ליעף; און לויפֿט ווידער אַרויס אין הויף אַריין.

גלייך אברהמקע האָט דאָס פֿריהער געוואוסט. ער שטעהט און וואַרט. זי שעמט זיך אויפֿצוהויבען די אויגען. זי ווייסט — ער קוקט אויף איהר אַזוי דורשטיג!

מיט אַ זעלכע אויגען קוקט זי אַמאָל אַריין „צו זיי" דורכ'ן פֿענסטער, ווען דער סאַמאָוואַר זידעט אויפ'ן טיש אַרומגעשטעלט מיט געבעקס.

זי ווייסט, אַז ווען זי זאָל וועלען זיך אָבשטעלען און איהם געבען צייט לעננער צו קוקען אויף איהר — וואָלט זי איהם געטוהן דערמיט אַ טובה.

זי קען אויך אַמאָל טובות טוהן, טראַכט זי פּלוצונג, און ווערט דערביי רויט; און דאָס האַרץ הייבט איהר אָן קלאַפּען — ניט צו וויסען פֿאַר וואָס.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און שרה האָט אַלס קיין קינדער ניט. שוין לאַנג דאַרף זי פֿאָהרען צו גרויסע דאָקטוירים, נורביידע קענען זיי ניט פֿאָהרען: מען קען די שטוב אויף הפקר ניט לאָזען און זי אַליין, אָהן איהם, קען אברהמ'קע ניט לאָזען; אַזא שוואַכקייט האָט ער פֿון זינד ער האָט החונה געהאַט מיט איהר; ער קען זי אַליין ניט לאָזען פֿון זיך. זי איז נאָך צופֿיעל שיין אויף צו לאָזען זי אַליין אין דער פֿרעמד...

דאָך האָט גאָר ניט געהאָלפֿען. גוטע־יודען הייסען איהר שוין פֿאָהרען. שרה האָט גענומען און געפֿאָהרען. די קעך איז געבליבען אויף דער אַלטער דיענסט־יודינע, און אברהמקע איז געבליעבען אַ „פּלג־גוף", איינער אויף אַ סך שטיעבער, וואָס זענען געוואָפּענט מיט מזוזות.

אברהמקען איז אומעטיג אין שטוב. מעהר דרעהט ער זיך ארום אין הויף. ניטאָ מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדען. פֿאַרהאַפּט האָט ער דאָרט ברכה'ן אויף יענער זייט פּלויט.

„אַ גוט מאָררגען!" ציהט ער איהר אויס מילד און ברייט.

זי צאָהלט קרן מיט עיסקא: „אַ גוט מאָרגען — אַגוט יאָהר".

מען האַפּט אַ וואָרט. ער קלאָגט זיך פֿאַר איהר — פֿון זינד שרה איז אַ וועק געפֿאָהרען, איז ביי איהם אין קאַבינעט ניט אויפֿגערוימט. אַלעס איז אָנגעוואָרפֿען, ניט אויף זיין אָרט, ער איז אויך ניט אויף זיין אָרט... עס פֿעהלט אַ ווייבערישע האַנד, אַ ווייבעריי־שער בליק! די אַלטע דיענסט, זאָגט ער, טויג ניט מעהר ווי צו דער קיך. „עס פֿעהלט מיר אַ גוטע שכנ'טע". —

באַלד איז ברכה אויסגעוואַקסען אין זיינע צימערן, און האָט אומעדום אַלעס אין אָרדנונג געשטעלט. עס קוקט אַרויס די רייכקייט פֿון אַלע ווינקעלעך. אַברהמ'קע איז העכסט צו פֿרידען. ער לייקענט דאָס ניט פֿאַר ברכה'ן. פֿיעל שענער און בעקוועהמער. ווי אַז שרה איז אין דער היים. עס פּיהלט זיך, זאָגט ער, אַ מיידליש פֿרישקייט.

ביי נאַכט גערט איהם נאָך דער ריח פֿון דעם פֿרישקייט.

ברכה איז אויך זעהר צופֿריעדען: „געה־ווייס, מיט וואָס אַ מענש קען דיענען דעם צוויטען! דאָס איז ניט קיין חרוסת, ניט קיין סכך, דערויף האָט זי זיך קיינמאָל ניט גערעכט. גרינגער איז איהר אצונד, אַז זי דערמאַנט זיך אין די הלוואות, וואָס זי לייהעט אַמאָל ביי שרה׳ן. אַז יענע וועט אַהיים קומען, גלייבט זי, וועט איהר אברהמקע מסתמא אַלעס דערצעהלען.

אויף מאָרגען האָט זי זיך שוין אַליין אַריינגעהאַפּט צו אַברהמקען אין די צימערן, אלעס דארט אין אָרדנונג צו ברענגען.—

און אַזוי אַלע טאָג.

און אַברהמקע איז העכסט צופֿריעדען. בקשות האָט ער צו איהר.

עס בעקומט איהר, וואָס דער זאַטער. שמייכלענדיגער, שטענדיג צופֿריעדענער אַברהמקע האָט צו איהר „בקשות״, האָטש וואָס אייגענטליך, ווייסט זי ניט פּונקטליך אין וואָס בעשטעהען די בקשות... אַז ער הויבט אָן רעדען מיט איהר פֿון דער נאָהענט סאפּעט ער אַזוי, אַז מען פֿאַרשטעהט פֿון איהם ניט אַ וואָרט... דאָך איז איהר ליעב צו זעהן ווי דאָס רויטלעך ווייסעם פּנים שלאָגט חוואַליעס; עס לעגט זיך אויף איהם אַ שמייכעל, ווי ביי אַ פעסטענדיג קינד; און די אויגען ברענען, וויינען, בעטען, ממש ווי אַ הונגעריגער — ברויט.

קיינמאָל האָט זי ניט געגלייבט, אויב אַזאַ פּנים קען אַזוי נאַריש־רחמנותדיג אויס עהען! די קניעס ציטערן איהם! אָט פֿאַלט ער כורעים!

דאָס אַריינגעהען צו איהם ווערט ביי איהר אַ רגילות, יעדען טאָג אלס אין איין צייט... זי ווערט מיט אַמאָל געוואָהר זיין שמוציגע כונה... זי ווערט רויט פֿאַר בושה און פֿאַר כעס... איהר רויט פּנים הייצט איהם מעהר אונטער. אַ נקמה דער־לעבט זי זיך אין איהם, ווי ער שטעהט פֿאַר איהר אויף די קניעס, און בעט בקשות.

עס פֿאַלט איהר איין, אַז וואָס נעהנטער זי וועט איהם לאָזען וועט זיין פּלאַנע גרעסער ווערן. איי־וואס? ביי דער קריטישער מינוט... האָט דאָך איהר דער שכל ניט אָבגענומען! זי וועט שטעהען פֿאַר זיך! עס דאַכט זיך איהר, עס איז קיין שוואַכערס און לעכעדיגערס ניטאָ, ווי דער אַברהמקע — ווען ער שטעהט אויף די קניעס און בעט בקשות

און אברהם׳קעס אויגען ברענען... ער בעט בקשות, וואָס זענען שווער צו פֿאַר־שטעהן: אַז ער רעדט פֿערכאַפּט איהם דער אָטהעם.

און עס קומט די צייט, וואָס זי דאַרף רעדען... זי רעדט און דערשרעקט זיך אַליין פֿאַר זיך: זי פֿאַרשטעהט זיך ניט; אַז זי רעדט סאַפּעט זי... קורץ איז איהר דער אָטהעם געוואָרען; און דאָס האַרץ קלאַפּט־קלאַפּט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז מעדלעך חבר׳טעס שמועסען אַצונד פֿון גבירים גדלות׳ניקעס, וואָס געהען פֿאַרביי די אָרעמעלייט. און קוקען זיך אויף זיי אַפילו ניט אום — לאַכט ב־כה ביי זיך אין האַרץ. זי ווייסט — עס זענען פֿאַראַן צייטען פֿאַר זיי אויך, וואָס זיי קריעכען ווי די ווערעם...

און שפּעטער אַז זי האָט דערפֿיהלט, וואָס אין איהר טוהט זיך... האָט זי ניט געקאָנט פֿאַרשטעהן, פֿון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען?.. זי איז, דאכט זיך, געוועז דערביי! און איז אַרויס געגאַנגען מיט דער צייט!..

זי האָט נייטיגקייט צו זעהען זיך מיט אַברהמקען... נור שרה איז שוין געקומען

אויפגעלעגט האָט זיך שרה אומגעקעהרט: דאָקטוירים האָבען איהר צו געזאָגט אויף זיכער.

אברהמקען האָט זי אַהיים געבראַכט נייעס פון דער גרויסער וועלט, ווי מען זעהט זיך דאָרט איבער מיט מענשען: פרויען, מענער, אַלטע, יונגע — אַזוי פיעל האָט זי צו דערצעהלען, אַז ווי זי הויבט נור אָן פארכליענעט זי זיך, און דערצעהלט גאָר ניט.

מתנות מיט מציאות האָט זי איהם גאָר ניט געבראַכט, ווייל אברהמקע איז ב־ונז אויף די זאכען: ער איז פאַר־שמ־ט פאַר א קאַרגען. דאָך טראָגט זי ביי זיך א סוד: א גאָלדען פינגעריל מיט א זשמוראַק איינגעפאַסט. קען עס דערווייל פאַר אַברהמקען ניט אַרויס ווייזען:

זאָל זי איהם זאָגען — „זי האָט עס געקויפט" — וועט ער ווערן להרג ולאבד.

זאָל זי איהם זאָגען — „מ׳ האָט איהר געשענקט" — איז נאָך ערגער: ער ווייסט, אַז אומזיסט שענקט דיר ניט קיינער.

האַלט זי עס דערווייל בסוד. זי ריכט זיך אויף דער מוטער צו גאַסט — וועט זי זאגען: די מוטער האָט עס איהר א מתנה געקויפט". —

און וואָס מ׳האַלט בסוד, דאָס פאַרלירט זיך גרינגער.

אברהמ׳קע האָט געפונען דאָס פונגעריל איינגעוויקעלט אין א דין פאַפּיעריל.

עס ווערט איהם אַחדוש: ער איז בעקאַנט אין שרה׳ס ציהרונג, דאָס איז ניט איהר פינגעריל.

„זאָל דאָס אפשר האבען פערלוירען די פריצע, וואָס איז נעכטען געוועזען ביי איהם און אָבגעצאהלט א חוב?"

איז נאָך בעסער: יענע איז ארויס געפאָהר׳ן שוין ניט אויף צוריק צוקומען.

דאָס פינגעריל האָט ביי איהם איין אָרט: ער וויל ניט איבעררייסען זיין פאַר־קעהר מיט ברכה׳ן.

דורכ׳ן פלויט האָט ער זי אָבגעשטעלט. זי איז גערן געוועזן דערינגען. זי האָט איהם עפּיס צו זאָגען וויכטיגס.

ער האָט איהר דערלאַנגט די מתנה, און, קוקענדיג צום הימעל, האָט ער אויס געשיט:

„דאָס האָב איך היינט געקויפט פון דיינעטוועגען, שרה ווייסט ניט. טראָג גע־זינדטערהייט".

ער האָט דערפיהלט איהר ווייכע האַנד אויף זיינער, און א ציטער איז איהם איבערגעלאָפען איבערן לייב. ער איז אַוועק מיט דער גנב׳ישע הנאה, ווי להבדיל, א הונד — מיט א מאַרך־ביין, ער האָט איבערגעטראַכט, שרה זאָל אויף איהם ניט דער־קענען דאָס פאַרגענינען, וואָס ער האָט ערשט איינגעשלונגען.

מעהר האָט זיך ברכה ניט געקענט זעהען מיט איהם דורכ׳ן פלויט. שרה איז א בעל הבית׳טע; איהרע אויגען זענען פול אומעדום.

און רבקה די באבא זאָגט, אַז מען קען שוין מעהר ניט וואַרטען און אַז ס׳דאַרף קאָסטען ניט ווענינער ווי א צעהנערל.

פון וואַנן זאל זי נעמען א צעהנערל? ברעכט זיך ברכה דעם קאָפּ.

גאָט־ברוך הוא האָט איהר אַריינגעשיקט א געדאַנק:

זי האָט זיך אַריינגעהאַפּט צו שרה'ן. אברהמקע האָט זי דערזעהען — איז ער ניט טויט ניט לעבענדיג געבליעבען. ער שטעהט אין קאַבינעט אויף כלומר'שט פאַרטהון אין געדאַנקען, און וואַרפט אויגען מיט אויערן דורך דער אָפענער טהיר אַ הין צו שרה מיט ברכה'ן.

„ווילט איהר — לייהט מיר דערויף אַ צעהנעריל, בעטה זיך ברכה. אָלא מאַי ניט, קויפט עס ביי מיר!"

שרה בעטראַכט דאָס פינגעריל, און אַלאַך איז איהר געוואָרען אין האַרץ. ווי קומט דאָס פינגעריל צו איהר?

זי ווייסט—זי האָט עס פערלוירן. אָבער אין ערגיץ האָט זי עס ניט געקענט פאַר־ליערען, ווי אין שלאָפצימער. אהין קומט אפילו די דיענסט ביי איהר ניט אריין, ברכה איז דאָ נאָך ניט געווען פון זינד זי איז געקומען!

און געדאַנקען הייבען זיך איהר אָן פלאָנטען אין קאָפּ. עס פאַרפלאָנטעט זיך: „אברהמקע... ברכה.. און גנבישע בליקען, וואָס זי האָט בעמערקט צווישען זיי, און אָנ־פערשטענדליכס...

זי וואָלט באַלד אויפגעהויבען אַ ליאַרם! אַ חתונה וואָלט זי אָבגעשפּיעלט, אַזוי אַז דער אֶמת זאָל אַרויס, ווי בוימיל אויפ'ן וואַסער.

נור דער אֶמת טויג איהר ניט פון טייל זייטען: דאָס פינגעריל מוז בלייבען אַ סוד. אברהמקע טאָר ניט וויסען, אַז דאָס איז איהרס.

צו שפּעט איז אָבער שוין געווען: אברהמקעס קאַצען־אויגען האָבען בעמערקט די איבער־ראַשונג אויף שרה'ס פנים. ער האָט זיך באַלד אָנגעשטויסען, אַז דאָס פינגעריל האָט שרה פאַרלוירן. פונ'ם וועג האָט זי עס געבראַכט...

ער בעקומט היטץ אין קאָפּ. עס פלאָנטען זיך איהם מעשיות, וואָס שרה האָט דערצעהלט פונ'ם וועג ווי מען זעהט זיך דאָרט מיט אַ וועלט עלטערע און יונגערע.—

„זאָל איהר עמיצער דאָס פינגעריל האָבען געשענקט?"

ער וואָלט זיך באַלד געטומען צו איהר. דעם אֶמת וואָלט ער דער־גאַנגען! פון דער נשמה וואָלט ער איהם אַראָפגענומען. ער פיהלט זיך — ער טויג דערצו.

נור גראַדע אַצונד טויג איהם ניט דער אֶמת.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און מאַן און ווייב, יעדער פאַר זיך, טראָגט אַ בעזונדער גיהנום אין האַרץ. אליין בלאָזט איהם יעדער אונטער; אליין פלייסען זיי זיך דער רויך זאָל ניט אַרויס.—

שרה וואָלט זיך געווינשען, אַז די ערשטע חדשים זאָלען דעם דאָקטאָרס רפואות ניט ווירקען אויף איהר.

---

אַז ברכה הערט אַצונד שמיעסען פון הונגער און נויט, פאַלט שוין אויף איהר ניט אַזאַ מרה־שחורה, ווי־פריהער. פאַרקעהרט: עס ווייזט זיך איהר אַ שמייכעל אויפ'ן פנים. און זי טראַכט זיך:

„אַ מיידעל ווערט ניט פאַרפאַלן!"

יהודה שטיינבערג.

# שרייבער־פאליטיקער און שרייבער־לעהרער.

אַלע ווייסען, אַז יעדער מענש דאַרף האָבען מוטה צו רעדען, אַרויסצוזאָגען זיינע מיינונגען, ניט צובעהאַלטען פון אַנדערע דאָס, וואָס ער רעקענט פאַר ריכטיג און וואַהר. נור אַז מען מוז אַמאָל אויך האָבען מוטה און געדולד צום שווייגען, דאָס ווייסען ניט אַלע; איבערהויפט ווילען די ראַדיקאַלע, די „דעמאָקראַטען", דערפון ניט ווייסען. אָבער אין אמת'ן קומט זעהר אָפט פאָר, אַז מוטה צום שווייגען איז טייערער ווי מוטה צום רעדען.

„זאָגען דעם אמת" איז בודאי די ערשטע פאָדערונג, וואָס מיר האָבען רעכט צו שטעלען יעדען מענשען; און פון שרייבער האָבען מיר דאָס רעכט צו פאָדערען, אַז זיי זאָלען אַרויסזאָגען דעם אמת, אויסשפּרעכען דאָס וואָס זיי פערשטעהען. אָבער „זאָגען", „רעדען" הייסט ניט בעוועגען מיט די ליפען, מיט דער צונג און אַרויסלאָזען פון האַלז וועלכע־ניט־איז קולות פערבונדען מיט וועלכע־ניט־איז אותיות. „רעדען" — הייסט: אַרויסרופען אין דעם הערער די זעלבע געדאַנקען און געפיהלען, וועלכע איך האָב. די בעוועגונגען פון מיין האַלז, ליפען און צונג ביי'ם רעדען, די אותיות, וואָס איך מאַך מיט דער פעדער ביים שרייבען זענען מעהר ניט, ווי דאָס מיטעל אַרויסצורופען ביים צווייטען די געדאַנקען, וועלכע איך האָב. כדי אַרויסצוזאָגען פריי די אייגענע מיינונגען — פאַר אַ טויבען, בעדאַרף מען ניט האָבען קיין גרויסען מוטה, ווייל דער עיקר איז דאָך ניט מיין זאָגען. נור יענעמס הערען. אָבער דאָס הערען איז נאָך אויך ניט דער עיקר; דער עיקר איז — דאָס פערשטעהן. דעריבער ווייס יעדער אַז קינדער קען מען ניט זאָגען אַלץ וואָס מען פערשטעהט אַליין, האָטש זיי הערען וואָס מען זאָגט זיי, ווייל זיי קענען ניט אַלץ פערשטעהן. יעדער ווייסט, אַז זאָגען קינדער אַלץ וואָס מען פערשטעהט איז צו גרעסטען טייל ניט נור אַרויסנוואָרפען און אָהן נוצען, נור אויך פערדערבליך און שעדליך, ווייל דער אונפערשטענדיגער טהוט אויך ניט „גאָר־ניט־פערשטעהען". אַזוי ווי מען וואָלט צו איהם גאָר ניט גערעדט, נור ער פערשטעהט ניט ריכטיג, ער פערשטעהט פאַלש און פערדרעהט. יעדער ווייסט אויך, אַז קערפערליכע ענטוויקלונג אַליין איז נאָך ניט גענוג כדי צו פערשטעהן די וועלט און דאָס לעבען, נור עס איז נאָך נויטהיג דערצו גייסטיגע ענטוויקלונג, בילדונג און ערפאַהרונג. דער גרעסטער דעמאָקראַט וועט זיך ניט מישב זיין, האַלטען אַן עצה אין אַלע זיינע געשעפטען מיט זיין געטרייעם לאַקיי, האָטש ער ווייסט אַז לאַקייען זענען אויך מענשען, ווייל דורכרעדען זיך קען מען נור מיט אַפערשטענדיגען,

מיט אַזאַן־פֿערשטענדיגען מענשען און ניט סתם מיט אַבי־וואָס פֿאַר אַמענשען. דאָס אַל׳ץ פֿערגעסט מען אָבער אין כלל־זאַכען, וואו די פֿראַגען זענען פֿיעל שוויערינער און פֿערוויקעלטער; דאָ פֿערגעסט מען צו רעכענען זיך דערמיט, אויב די מענשען מיט וועלכע מען רעדט האָבען די מעגליכקייט צופֿערשטעהן, וואָס מען רעדט מיט זיי. „אַלע זענען גלייכע מענשען!“ — שרייט מען, און מען פֿערגעסט אַז אין אמת׳ן הייסט דאָס כעהר ניט ווי, אַז אַלע בעדאַרפֿען זיין גלייכע מענשען, אָבער דערוויל זענען דאָך אַלע נאָך ניט גלייך, ד. ה. זיי זענען דאָך ניט אַלע גלייך פֿערשטענדיג איבער אַל׳ץ צו אורטיילען, אין אַל׳ץ האָבען אַ אידיעה, כדי צו זאָגען אַ דעה. אמת, אויף פֿערשטענדיגקייט איז ניטאָ קיין וואָג און קיין מאָס, מיט וועלכע מען זאָל קענען בעשטימען ווער עס איז פֿערשטענדיג און ווער ניט, אַזוי אַז אַלע זאָלען דאָס איינזעהען און מוזען מודה זיין. מיט דערזעלבען איבערצייגונגסקראַפֿט, וואָס דער פֿערשטענדיגער פֿערשטעהט, אַז דער אונפֿערשטענדיגער פֿערשטעהט ניט, מיט דער זעלבען און אפֿשר נאָך מיט מעהר איבערצייגונגסקראַפֿט מיינט דער אונפֿערשטענדיגער, אַז ער און נור ער פֿערשטעהט. און דעריבער איז אין פֿיעלע לענדער איינגעפֿיהרט, אַז אַלע האָבען דאָס רעכט צו זאָגען אַ דעה אין כלל־ענינים: דערצו איז אָבער נייטהיג, אַז אַלע זאָלען האָבען די מעגליכקייט, וועניגסטענס די אָביעקטיווע מעגליכקייט, פֿערשטענדיג צו ווערען. פֿאָלקסשולען, אין וועלכע אַלע קינדער אין לאַנד מוזען לערנען, ליטעראַטור: שטרענג־וויסענשאַפֿטליכע און פּאָפּולערע ביכער, זשורנאַלען און צייטונגען, וועלכע שטעהען אָפֿען פֿאַר די גאַנצע בעפֿעלקערונג, מאַכען מעגליך אַז אַלע זאָלען מעהר אָדער ווענינער זיך קענען אויסבילדען, קריגען אַ אידיעה אין אַלע לעבענספֿראַגען. און פֿון דעסטוועגען איז נאָך איצט אַפֿילו אין די דעמאָקראַטישע לענדער צום גרעסטען טייל איינגעפֿיהרט, אַז ניט אַלע זאָגען אַ דעה אין יעדער פֿראַגע בעזונדער, נור אַלע האָבען דאָס רעכט נור אויף אויסצוקלויבען פֿון זיך אַ געוויסע צאָהל פֿון פֿערשטענדיגערע מענשען, וועמען זיי גיבען איבער די דעה און מאַכען זיי פֿאַר די פֿיהרער, ווייל סוף כל סוף זענען דאָך ניט אַלע גלייך פֿערשטענדיג אין אַלע פֿראַגען. און די יעניגע פֿערשטענדיגע, די געלערהרטע און געבילדעטע, וועלכע זענען ניט קיין פּאָליטיקער, גיבען זיך מיהע די אַנדערע, די אונפֿערשטענדיגע אויך פֿערשטענדיג צו מאַכען דורך עפֿענטליכע לעקציעס און ליטעראַטור. דיעזע פֿערשטענדיגערע זענען דעם פֿאָלקס לעהרער. ליידער בענוצען זיך אָבער פֿיעלע מיט זייער שפּראַך־טאַלענט ניט צו געבען דעם פֿאָלק די נייטהיגע „ידיעות“, נור צו בעקומען פֿון איהם די נייטהיגע „דעות“. אַזעלכע שריפֿטשטעלער און רעדנער זענען דאָ זעהר פֿיעל ביי אַלע דעמאָקראַטישע פֿעלקער. זיי גיבען זיך ניט קיין מיהע דאָס פֿאָלק אויפֿצוקלערען, זאָנדערן עס צו געווינען פֿאַר זייערע מיינונג. קיינער קען ניט האָבען טענות צו זיי, אַז זיי האַנדלען שלעכט. זיי האַנדלען גוט נאָך זייער מיינונג און נאָך די בעדערפֿנישען פֿון זייער צייט. זיי זענען אַ נויטווענדיגעס פּראָדוקט אין אונזער לעבענס־אָרדנונג, וועלכע איז אייגענטליך מעהר ניט ווי אַ פּשרה צווישען „אַלגעמיינער גלייכהייט“ — אין פּריציפּ און „גייסטיגער אונגלייכהייט“ — אין אמת׳ן. איינס מוז מען אָבער צוגעבען, אַז אַזעלכע רעדנער און שריפֿטשטעלער זענען ניט דעם פֿאָלקס לעהרער און אויפֿקלערער, נור זיינע פּאָליטיקער און פֿיהרער, וועלכע זענען דער־צו נאָך פֿון קיינעם אויסגעקליבען געוואָרען, וועלכע האָבען זיך, ווי אמת׳ע

אַריסטאָקראַטען, אַליין געמאַכט פֿאַר פֿאָלקספֿיהרער, ווי די טיראַנען אים אַלטערטהום; מען מוז צוגעבען, מיט אַנדערע ווערטער, אַז פֿון אַזעלכע שריפֿטשטעלער ווערט דאָס פֿאָלק נ י ט „בעלעהרט“ און „אויפֿגעקלערט“, נור „ג ע פֿ י ה ר ט“. דיעזע שריפֿטשטעלער־פּאָליטיקער מאַכען זעהר שווער די אַרבייט פֿון די שריפֿטשטעלער־לעהרער. יעדעס איינציגעס רוהיגעס וואָרט פֿון „לעהרער“ ווערט פֿערשריען פֿון הונדערטער משונה מאָדנע קולות פֿון די „פּאָליטיקער“. ערקלערען איז שווערער ווי פֿערטומלען, אויפֿקלערען איז שווערער ווי „געווינען“. און ניט לייכט איז דעם שריפֿטשטעלער־לעהרער זיך צו האַלטען אין זיינע גרענעצען, ניט ווערען אַ „פּאָליטיקער“. טאָג טעגליך זעהט ער ווי די פּאָליטיקער צושטערען זיין אַרבייט, פֿערטומלען זיינע תלמידים די קעפּ, רעדען זיי איין, אַז זיי זענען שוין גרויסע, אַז זיי בעדאַרפֿען ניט מעהר לערנען, אַז זיי קענען שוין אַליין זאָגען אַ דעה און בעדאַרפֿען זיך ניט פֿערלאָזען אויף אַנדערער שמועסען מיט זיי וועגען הויכע ענינים, פֿון וועלכע זיי, די פּאָליטיקער, פֿערשטעהען אַליין זעהר ווייניג און פֿון וועלכע די תלמידים פֿערשטעהען אַפֿילו דעם אַלף־בית ניט. און די תלמידים זענען צוהיצט; ברענענדע לעבענספֿראַגען שטעהען אויף דער טאַגעס־אָרדנונג. זאָל ער נעהמען ערקלערען דעם עולם אלף־בית? ווער וועט איהם הערען?! ווער האָט געדולד דערצו? זאָל ער רעדען און ערקלערען זיינע מיינונג וועגען די לעבענספֿראַגען? ווער וועט איהם פֿערשטעהען?! און דאָ איז זעהר לייכט צו פֿערליערען די געדולד, וועלכע יעדער „לעהרער“ מוז האָבען, צו פֿערגעסען די איינענע אויפֿגאַבע, אויפֿצוהערען צו שרייבען ווי אַלעהרער און אָנצוהויבען ווי אַ פּאָליטיקער, ווי אַ פֿ י ה ר ע ר, שרייבען ניט כדי אויפֿצוקלערען, נור כדי צו ג ע ו ו י נ ע ן דאָס פֿאָלק.

אָבער — גליקליך איז דאָס פֿאָלק, וועלכעס האָט שרייבער־לעהרער, און וועה איז צו דעם פֿאָלק, וועלכעס האָט מעהר ניט ווי שרייבער־פּאָליטיקער!

און מיר יודען, וועלכע זענען אַמאָל האָטש אין דעם פּונקט גליקליכער גע־וועזען פֿון אַלע אַנדערע פֿעלקער, זענען איצט אויך אין דעם פּונקט דאָס אונגליק־ליכסטע פֿאָלק.

אין אונזער אַלטען פֿיעלטויזענד־יאָהריגע ליטעראַטור איז דער טפּוס פֿון „שרייבער־פּאָליטיקער“ כמעט אין גאַנצען אונבעקאַנט.

אונזער גאַנצע ליטעראַטור ביז צו דער השכלה־צייט בעשטעהט פֿון ספֿרים, רוהיג און ערנסט רעדען אין זיי די חכמים און מחברים צום פֿאָלק, זיי זוכען ניט מיט פֿיינע ווערטליך צו מאַכען אַ רושם אויף דעם לעזער, זיי ווילען דאָס פֿאָלק בעלעהרען, ערקלערען דאָס וואָס זיי האַלטען פֿאַר גוט און ניצליך. און דאָס פֿאָלק האָט די ספֿרים ניט געלייענט, נור געלערנט. אין אָנפֿאַנג פֿון דער השכלה צייט האָבען מיר נאָך אויך אַזעלכע מחברים, שרייבער־לעהרער. אַזאַ שרייבער־לעהרער איז נאָך געוועזען ר׳ יצחק בער לעווינזאָן. די שפּעטערע השכלה־שרייבער זענען שוין געוועזען האַלבע פּאָליטיקער. עס איז שווער צו בעשטימען דעם אונטערשיעד צווישען די האַלבע־פּאָליטיקער און די עכטע לעהרער, אָבער אַז מען פֿערגלייכט די ספֿרים זייערע, אָדער ווי מען זאָגט איצט: די ביכער, — דערקענט מען אָן דעם טאָן, ווער עס האָט געוואָלט מעהר ניט ווי אויפֿקלערען דאָס פֿאָלק און ווער עס האָט געוואָלט „פֿיהרען“ דאָס פֿאָלק צו אויפֿקלערונג, אָדער צו אַנדערע גוטע זאַכען.

דורך די „ציימונג" איז וואָס ווייטער אוּן ווייטער פֿערברייטעט געוואָרען דער גייסט פֿון פּאָליטיקער אונטער אונזערע שרייבער. די שרייבער־לעהרער זענען וואָס ווייטער אוּן ווייטער ווענינער געוואָרען. דאָס פֿאָלק בעקומט ניט מעהר וואָס צו לערנען, נור וואָס צו לעזען. ביז צום אויפֿקומען פֿון חבת־ציון איז די שעדליכ־קייט דערפֿון נאָך ניט קענטיג געוועזען און די שרייבער זענען נאָך אין אמת'ן ניט געוועזען קיין גאַנצע פּאָליטיקער, זיי זענען נאָך געוועזען האַלבע לעהרער. נור אַז עס האָט זיך אָנגעהויבען ביי אונז די פּאָליטישע פֿאָלקס־אַרבייט, ישוב ארץ ישראל, האָבען זיך אַלע אונזערע שרייבער אַרויס געוויעזען ווי גאַנצע פּאָליטיקער, ווי פֿאָלקס־פֿיהרער, און ניט ווי פֿאָלקס־לעהרער. דער איינציגער פֿאָלקס־לעהרער, וואָס האָט דענסטמאָל אָנגעהויבען צו שרייבען, אחד־העם, איז אין דער הויפּטזאַכע ניט פֿערשטאַנדען געוואָרען פֿון זיינע חברים־שרייבער. ווי אָפֿט הערט מען די מיינונג אויסשפּרעכען, אַז אחד־העם איז אַ פֿערטרעטער פֿון גייסטיגען אַריסטאָקראַטיזם, אַז ער רעדט ניט צום פֿאָלק און ערוואַרטעט גאָר ניט פֿון פֿאָלק, אַז ער בויט אַלץ אויף אינטעליגענטען, ניט אויף די מאַסע, בעת אַז אין אמת'ן רעדט אחד־העם אין דעם אמת'ן אלט־יודישען דעמאָקראַטישען גייסט, און אונזערע „דעמאָקראַטען", וועלכע בויען כלומר'שט אַלץ אויף דעם פֿאָלק, וועלכע רעדען צום גאַנצען פֿאָלק וועגען אַלע זיינע פּאָליטישע ענינים, זיי זענען אין אמת'ן זיינע אַריסטאָקראַטישע „פֿיהרער".

„פֿיהרט ניט דאָס פֿאָלק וואוהין איר געפֿינט פֿיר גוט, נור ערקלערט איהם וואָס גוט איז, כדי ער זאָל אַליין געהן," — דאָס איז דער גרונד־טאָן פֿון אַחד־העם'ס טענות און וכוחים מיט די ערשטע חובבי ציון און מיט די ציוניסטען אין אונזער צייט. אחד־העם וויל ניט, אַז מען זאָל פֿיהרען דאָס פֿאָלק, נור מען זאָל עס בעלעהרען. בעלעהרען! אָבער דאָס גאַנצע פֿאָלק איז ניט פֿעהיג אַלץ צו פֿער־שטעהען. אונזערע מאַסען זענען צו אונוויסענד און צו אַרעם, אַז מען זאָל זיי אויף גיך קענען געבען צו פֿערשטעהן, וואָס פֿאַר דאָס פֿאָלק איז גוט. און דאַריבער בויט אחד־העם אויף די, וועלכע קענען שוין פֿערשטעהן, אויף די ווענינע, אויף די אינטע־ליגענטען; און דאָס פֿאָלק, די מאַסע, וויל ער פּאָרבערייטען, אינטעליגענטער מאַכען, כדי זי זאָל אויך פֿערשטעהן. אָבער אונזערע „אייראָפּעאישע דעמאָקראַטען" האַלטען דאָס פֿאַר ניט־דעמאָקראַטיש. „דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט צו בעשטימען, מיט־צורעדען און מיט־צואַרבייטען"! — שרייען זיי. און אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק פֿערשטעהט ניט מיט־צואַרבייטען, — אַרבייטען זיי מיט דעם פֿאָלק; אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק פֿער־שטעהט ניט מיט־צורעדען, — רעדען זיי אַיין דאָס פֿאָלק; אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק פֿערשטעהט ניט צו בעשטימען, — זוכען זיי דאָס פֿאָלק צו פֿערטומלען, כדי עס זאָל מיט־שטימען...

דאָס וואָס די ציוניסטישע פֿיהרער האָבען זיך אַזוי אויסגעפֿיהרט איז קיין וואונדער און מען קען קיינעם פֿון די פֿיהרער בעשולדיגען. אונזערע פֿיהרער זענען אין דעם פרט ניט ערגער און ניט בעסער פֿון אַלע פֿאָלקס־פֿיהרער, ווי אונזער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געגרינדעט אויף דעמאָקראַטישע פּרינציפּיען, איז אין דעם פרט ניט בעסער און ניט ערגער פֿון אַלע אַנדערע דעמאָקראַטישע רעגיערונגען און אָרגאַניזאַציעס. ניט נור דעמאָקראַטישע רעגיערונגען, נור אַפֿילו דעמאָקראַטישע פּאַרטייען ווערען אַלע אין אמת'ען געפֿיהרט פֿון איינינע נייסטעס־

אַריסטאָקראַטען, און ניט פון פאָלק אָדער פון דער פּאַרטיי אין גאַנצען. אזא „פיהרונג" איז ווי געזאָגט, אַ נויטווענדיגעס פּראָדוקט פון אונזער פּאָליטישעס לעבען, וועלכע איז אין בעסטען פאַל אַ פשרה צווישען דעם פּרינציפּ פון אַלגעמיינער גלייכהייט און דער אמת'ען אונגלייכהייט אין דער גייסטיגען ענטוויקלונג, אין דער פעהיגקייט צו פערשטעהן און צו בעשטימען וואָס איז גוט און ריכטיג, און וואָס איז ניט גוט און ניט ריכטיג. שלעכט איז נור, וואָס מיט דעם אויפקומען פון דער ציוניסטישען אָרגאַניזאַציע, מיט אונזער כלל־פּאָליטיק, מיט אונזערע כלל־פּאָליטישע ענינים און פראַגען איז אונזער גאַנצע ליטעראַטור געוואָרען פּ אָ ל י ט י ש. און איצט זענען מיר אין דעם פּרט אויך דאָס אַרעמסטע און דאָס אונגליקליכסטע פאָלק פון אַלע. אַלע פעלקער האָבען שרייבער־פּאָליטיקער, אָדער ריכטיגער געזאָגט: פּאָליטיקער־שרייבער. די צייטונגען זענען אַלע כמעט אין די הענד פון אַזעלכע שרייבער, מענער, וועלכע זענען אין אמת'ן פּאָליטיקער, ווען זיי האָבען נור טאַלענט צום שרייבען, בעגרינדען צייטונגען, כדי צו צוּצִיהען צו זיך, כדי צו געווינען דאָס פאָלק פאַר זייער פּאָליטיק. אויך ביכער און ביבלעך ווערען פון אַזעלכע פּאָליטיקער געשריעבען. דאָס אַלץ איז אָבער ניט סתם ליטעראַטור, נור אַגיטאַציאָנס־ליטעראַטור. אויסערדעם האָט אָבער יעדעס פאָלק זיין „ליטעראַטור", וועלכע ווערט געשאַפען פון שרייבער־לעהרער און פון וועלכע דאָס פאָלק האָט וואָס צו לערנען. מיר אָבער האָבען איצט כמעט גאָר קיין ליטעראַטור אין אונזער צייט. ביי אונז זענען ניט די פּאָליטיקער געוואָרען שרייבער, נור די שרייבער זענען געוואָרען פּאָליטיקער, אַגיטאַטאָרען, פיהרער. שרייבער־לעהרער האָבען מיר מעהר ניט. מען אַגיטירט אין פאָלק פאַר דען ציוניזם, פאַר טשאַרטער־פּאָליטיק, פאַר קאָלאָניזאַטיאָנס־פּאָליטיק, פאַר ארץ־ישראל, פאַר טעריטאָריאַליזם און ז. וו., און ז. וו. אַלץ אַזעלכע הויכע ענינים, וועלכע זעלטען וועלכער שרייבער ווייסט אין זיי פיעל צו זאָגען און אין וועלכע דאָס פאָלק, די מאַסע, פערשטעהט אפילו די טייטש־ווערטער ניט. דער פּאָליטישער דעמאָקראַטיזם פאָדערט, אַז אַלע זאָלען זאָגען אַגלייכע דעה, יעדער עם־הארץ, יעדער יונגעל, יעדעס מיידעל, און דעריבער מוז מען מיט אַלעמען רעדען ווענען אַלע פראַגען. מען בעדאַרף נור האָבען דעם מוטה אַרויסצוזאָגען דעם אמת, ניט צובעהאַלטען פון פאָלק די איינענע מיינונג. אויב דאָס פאָלק פערשטעהט, אויב די אַלע, וועלכע האָבען דאָס רעכט צו זאָגען די גלייכע דעה האָבען אַלע נייטהיגע ידיעות דערצו, — דעריבער קימערט זיך ניט דער פּאָליטיקער; אַז מען בעדאַרף זעהר אָפט האָבען געדולד און אויך מוטה צום שווייגען, — דאָס ווייס נור דער ל ע ה ר ע ר, וועלכער וויל ניט פערטומלען זיינע תלמידים די קעפּ, נור ער וויל זיי פערשטענדיג מאַכען, זיי בעלעהרען, אַז זיי זאָלען אַליין פערשטעהן. דער פּאָליטיקער וויל דערפון ניט וויסען; די אַלגעמיינע (און זעהר אָפט אויך די איינענע, פערזאָנליכע) פּאָליטיק פאָדערט, אַז מען זאָל ווענען אַלץ רעדען, רעדען ווענען אַלץ אַזוי, אַז אַלע זאָלען אין אמת'ן פערשטעהן איז שווער און זעהר אָפט אונמעגליך, אָבער רעדען אַזוי, אַז אַלע זאָלען מיינען, אַז זיי פערשטעהן איז לייכט. און פאַר אונזערע „אייראָפּעאישע דעמאָקראַטען", פיר דעם שרייבער־פּאָליטיקער, פאַר דעם שרייבער־פיהרער איז דאָס נענוג.

און — „בתר עניא אזלא עניותא": נאָך דעם אָרימאַן שלעפּט זיך נאָך די אָרעמקייט. די רייכערע קלאַסען פון אונזער פאָלק, די וועלכע האָבען אין דער יוגענד

געקענט אביסעל לערנען און האבען אויך גרויסערהייט צייט צו לערנען, די געפינען נאך וואס עס איז צו לערנען. דער העברייאישער לעזער האט אמאל געלערנט, ער ווייסט אז מען בעדארף לערנען, און ער געפינט נאך אין דער העבראישען ליטעראטור, ווי פיעל עס איז צום לערנען. אבער אונזערע ארעמסטע און אונעטוויקעלטסטע מאסע, די וועלכע קענען מעהר ניט ווי אביסעל יודיש לייענען, האבען גאר ניט פון וועמען צו לערנען. זיי האבען אפילו ניט פון וועמען צו לערנען, אז מען בעדארף וועגען יעדער זאך זעהר פיעל לערנען. „ליטעראטור" האבען מיר כמעט ניט אין דער פאלקס־שפראכע; אלענפאלס האט די „ליטעראטור" אין דער פאלקס־שפראכע אגאנץ קליינע ווירקונג אויף די מאסען. מיר האבען נור די „צייטונג" און די צייטונג בעמיהט זיך צו שטעהען אויף דער „העהע" פון דער צייט־פראגען, פון די פאליטישען אויפגאבען און פון דער פאליטיש פאלע־מישען קונסט. איבער אלע מעגליכע פערוויקעלטע און שוויערינסטע פראגען געפינט דארטען די א־עמע אונענטוויקעלטע מאסע — צו ל ע ז ע ן.

און אונזערע שרייבער גיעבען זיך מיעהע צו שרייבען קלאר, פאפולער, פער־שטענדליך, אזוי ווי זיי וואלטען פערגעסען, אז די קלענסטע כלל־פראגע איז צו גרויס פאר אונזער מאסע און אז ווי קלאר און דייטליך מען זאל ניט שרייבען, וועט די ארעמע אונענטוויקעלטע מאסע צום גרעסטען טהייל דאך ניט פערשטעהן, נור זי וועט מיינען, אז זי פערשטעהט.

און אונזערע פאלקס־שרייבער זענען שוין אזוי טיעף פערזונקען אין פאליטיק, האבען שוין אזוי ווייט פערגעסען זייער אויפגאבע אלס לעהרער, אז אפילו וואו עס האנדעלט זיך אום אזעלכע פראגען וואס האבען גאר ניט צו טהון מיט פאליטיק, וועלכע ווערען ניט בעשטימט פון וועניגע פיהרער, וועלכע בעדארפען נור האבען די צושטימונג פון פאלק, אפילו אין פראגען, וועלכע יעדער איינצעלנער פון פאלק קען און מוז בעשטימען פיר זיך, אפילו וועגען אזעלכע פראגען שרייבען זיי ניט ווי פאלקס־ל ע ה ר ע ר, נור ווי פאלקס־פ י ה ר ע ר, ווי פאלקס־פאליטיקער און דערצו נאך זעהר אפט, ווי שלעכטע פאליטיקער.

(ענדע קומט.)

בערן.

א. א. בארוכאוו.



# מיכאילאווסקי און די נאציאנאלע בעוועגונג.[1]

עֶס איז שוין אַ יאָהר צייט זייט דעֶר גרויסעֶר רוסישעֶר פּובליציסט מיכאַילאווסקי איז געֶשטאָרבעֶן און דאָך העֶרט עֶר ניט אויף אונז צו אינטערעֶסירעֶן. פּיעֶלעֶ יודישעֶ צייטונגעֶן האָבעֶן באַלד נאָך זיין טוידט, ווי די מאָדעֶ איז, נאָכגעֶזאָגט די ישבחים פון דעֶם פּעֶרשטאָרבעֶנעם און האָבעֶן זיך דעֶרביי מפלפל געֶוועֶן איבעֶר זיין שייכות צו דעֶר יודעֶן־פראַגעֶ: צו דאַרפעֶן די יודעֶן בעֶטראַכטעֶן דעֶם טויט פון דעֶם גרויסעֶן מאַנן ספּעֶציעל פאַר איין יודישעֶן שאָדעֶן אויך, אָדעֶר נור פאַר אַ שאָדעֶן פאַר דעֶר מעֶנשהייט בכלל. אַלע האָבעֶן מיט איין קול מסכים געֶוועֶן, אַז קיין דירעֶקטעֶ שייכות צו דעֶר יודישעֶר פראַגעֶ האָט עֶר ניט געֶהאַט. עֶר איז נור געֶוועֶן בנוגעֶ די יודען־פראַגעֶ אַ „שב ואל תעשה“, אָבער ניט אַ „קום ועשה“. זיין גאַנצעֶ גוטסקייט איז בעֶשטאַנעֶן דערין, וואָס ער האָט בעֶטראַכט די יודעֶן אַלס אַ טייל פון דעֶר אַלגעֶמיינעֶר ליידעֶנדעֶר מעֶנשהייט און האָט זיך דעֶריבעֶר ספּעֶציעֶל מיט זיי ניט בעֶשעֶפטיגט. דאָס איז טאַקי ווי עֶס ווייזט אויס, די אורזאַכעֶ, וואָס די יודישעֶ צייטונגעֶן האָבעֶן זיך ניט אַזוי פיעל פּעֶר־ברייטעֶרט וועֶגעֶן דעֶם פּעֶרשטאָרבעֶנעֶם.

ווען מיר זאָלעֶן בעֶטראַכטעֶן יעֶדעֶן גרויסעֶן מעֶנשעֶן, אַלס אַ בעֶפעֶהלער, אַ פּראַקטישעֶר פיהרעֶר, וואָס מוז יעֶדעֶ מינוט טייטעֶן מיט׳ן פינגעֶר און זאָגעֶן: „כזה ראה ועשה“, דאָס טוה און דאָס ניט, אַלס אַמעֶנש וואָס איז מחויב צו בעֶטראַכטעֶן יעֶדעֶ עֶרשיינונג בעֶזונדער און בעֶלייכטעֶן איהר פון זיין שטאַנד־פּונקט, — אויב אַזוי, קעֶנעֶן מיר זאָגעֶן, אַז מיכאַילאָווסקי האָט וועֶניג וואָס זיך בעֶקימעֶרט מיט דעֶר יודעֶן־פראַגעֶ. אין זיין זורנאַל, וואָס עֶר האָט אַרויסגעֶגעֶבעֶן אַ סך יאָהרעֶן נאָך אַנאַנד, האָבען מיר נור ווען ניט ווען געֶלעֶזעֶן אַנ׳ אַרטיקעֶל, וואָס זאָל זיך בעֶשעֶפטיגעֶן מיט די עֶרשיינונגעֶן, וואָס קומעֶן פאָר אין יודישעֶן לעֶבעֶן. און די זעֶלביגע אַרטיקלעֶן, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן שוין יאָ געֶוועֶן געֶווידמעֶט דעֶם יודישעֶן לעֶבעֶן, זעֶנעֶן געֶוועֶן זעֶהר מאָגערעֶ

[1] דאָ וויל איך נור בעווייזען, ווי אַזוי מען דאַרף בעטראַכטען דעם נאַציאָנאַליזם לויט מיכאַילאָווסקי׳ס וועלט־אנשויאונג. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז איך בין מיט איהם איינפערשטאַנדען. מיינע אייגענע מיינונג איבער נאַציאָנאַליזם וועל איך אין אַ בעזונדערן אַרטיקעל אַרויסזאָגען. —

א. ש. ז.

און האָבען זיך וועניג וואָס אויסגעצייכענט מיט דעם טיעפֿען ערנסט, ווי די אַרטיקלען, וועלכע זענען געשריבען געוואָרען אין דעם דאָזיגען זשורנאַל וועגען רוסישען לעבען.

אָבער מיר מיינען, אַז אַ גרויסער געלעהרטער, אַ גרויסער פֿילאָזאָף איז גאָר ניט מחויב אַריין צולאָזען זיך אין איינצעלהייטען און צו בעקלעהרען יעדע ערשיינונג בעזונדער, אַזוי גוט ווי אַ גרויסער געלעהרטער איז ניט מחויב, זאָגאַר ניט פֿעהיג, זיך צו בעשעפֿטיגען מיט פּראַקטישע אַרבייט. די אויפֿגאַבע פֿון אַ גרויסען מענשען איז נאָר צו געבען אונז אַ גאַנצע וויסענשאַפֿטליכע וועלט־אַנשויאונג. אַ ל ג ע מ י י נ ע כ ל ל י ם פֿון זיין תורה, צופּאַסען דיזע וועלט־אַנשויאונג צו יעדע ערשיינונג בעזונדער, אַריין צולאָזען זיך אין פּרטים — איז דער גרויסער געלעהרטער ניט מחויב.

אויך אונזער הלל הזקן האָט געזאָגט דעם גר, וועלכער האָט איהם געבעטען ער זאָל איהם אויסלערנען די גאַנצע תורה אויף איין פוס — איין אַ ל ג מ י י נ ע ם כ ל ל, דעם תוך, דעם קערן פֿון דער גאַנצער תורה, — די איבעריגע פּרטים האָט ער איהם געהייסען לערנען לויט דעם כלל פֿון „ואהבת לרעך כמוך“. און דאָס האָט ער טאַקי געטהון, ווי איין אמתר חכם. ווען ער וואָלט זיך אַריין געלאָזען אין די פּרטים פֿון דער גרויסער תורה, וואָלט ניט געקלעקט אַפֿילו משותלח־ס יאָהרען.

אויב מיר זאָלען פֿון דיזען שטאַנד־פּונקט בעטראַכטען דעם ווערטה פֿון יעדען גרויסען מענשען, וועלען מיר זעהן, אַז דער גרויסער פֿערשטאָרבענער מיכאַילאָווסקי מיט זיין פֿעסטע וועלט־אַנשויאונג האָט געווירקט אויף דעם יודישען פֿאָלק בכלל און אויף דער יודישער נאַציאָנאַלער בעוועגונג בפרט אסך מעהרער פֿון אַלע ציוניסטישע אַרטיקלען און ביכער, וועלכע זענען געשריבען געוואָרען אויף דעם ענין.

* *
*

דער תוך, דער קערן פֿון מיכאַילאָווסקיס וועלט־אַנשויאונג בעשטעהט אין דעם, אַז יעדער איינציגער מענש, אָדער יעדע געזעלשאַפֿט דאַרף קעמפּפֿען פֿאַר דעם „פּול־ן איך“, פֿאַר די אייגענטימליכע זעלבסטשטענדיגע ענטוויקלונג אַפֿילו דענסטמאָל, ווען די היסטאָרישע נויטווענדיגקייט פֿיהרט צו גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטען. די היסטאָרישע ענטוויקלונג, די ווירקליכקייט, איז א מ ת, — אָבער ניט אַלע מאָל איז די ווירקליכקייט ז י ט ל י ך, יושר־דיג. דער יושר איז אויך, ווי מיר ווייסען איין אמת, אָבער מען דאַרף, לויט מיכאַלאָווסקיס וועלט־אַנשויאונג, שטרענג אונטערשיידען דעם ווירקליכען אמת פֿון דעם יושר'דיגען אמת. — דער אמת, וועלכער קומט פֿאָר אין דער ווירקליכקייט, צו וועלכער די ענטוויקלונג פֿ י ה ר ט אונז — פֿון דעם אמת, צו וועלכע די ענטוויקלונג ד אַ ר ף אונז פֿיהרען; מען דאַרף אונטערשיידען דאָס, וואָס עס קומט פֿאָר, פֿון דעם וואָס עס ד אַ ר ף פֿאָרקומען; פֿון דעם, וואָס עס איז דאָ און פֿון דעם, וואָס עס ד אַ ר ף זיין. מען דאַרף ניט אַלע מאָל שווימען צוזאַמען מיט דעם שטראָם, נור טייל מאָל מוז מען אויך שווימען ק ע ג ע ן דעם שטראָם. א י ן ד ע ם ק אַ מ פּ ף צ ו ו י ש ע ן ד ע ם י ו ש ר ־ ד י ג ע ן א מ ת א ו ן ו ו י ר ק ל י כ ע ן א מ ת, אָ ד ע ר, א י י נ פֿ אַ ך, א י ן ד ע ם ק אַ מ פּ ף צ ו ו י ש ע ן י ו ש ר א ו ן א מ ת ב כ ל ל ב ע ש ט ע ה ט ד ע ר ג אַ נ צ ע ר פּ ר אָ ג ר ע ס. וואָס מעהר מיר קעמפּפֿען פֿאַר'ן יושר, וואָס מעהר דער יושר בעזיגט די ווירקליכקייט, אַלס מעהר פּראָגרעסירען מיר.

מיר װעלען דאָס ערקלערען מיט אַביישפּיעל.

וואָס מעהר די געזעלשאַפט ענטוויקעלט זיך, אַלס מעהר ווערט ענטוויקעלט צווישען די מיטגלידער אין דער געזעלשאַפט די צוטיילונג פון דער אַרבייט.

אין די ערשטע צייטען איז דער פויער געוועזען אין דער איינגענער צייט אַ לאַנד־אַרבייטער, אַ שוסטער, אַשניידער, אַשמיד און ז. וו. שפּעטער האָט זיך דער פויער אַלס מעהר אויפגעהערט צו בעשעפטיגען מיט אַסך מלאכות און האָט זיך בעשעפטיגט נור מיט איין מלאָכה — מיט לאַנד־אַרבייט.

ביי שטעדטישע מלאכות קומט די צוטיילונג פון דער אַרבייט נאָך שטאַרקער פאָר. אין מיטעל־אַלטער האָט זיך יעדער שטעדטישער בעל־מלאָכה בעשעפטיגט מיט זיין פאַך נור ווינטער, זומער האָט ער בעאַרבייט זיין שטיקעל ערד. דורך דער ענטוויקלונג פון האַנדעל איז ער אָבגעריסען געוואָרען פון זיין חלק ערד און האָט זיך אָנגעפאַנגען צו בעשעפטיגען ספּעציעל מיט זיין פאַך. נור, ווי מיר ווייסען, שטעלט זיך דאַרויף די ענטוויקלונג ניט אָב. עס ווערען איינגעפיהרט נייע אינסטרומענטען, מאַשינעס און די מלאָכה גופא ווערד צוטיילט אויף איינינע חלקים. דער אַרבייטער אַרבייט איצט ניט אויס אַגאַנצע זאַך, נור אַטייל פון דער זאַך. אין די פאַבריקען איז די אַרבייט אַזוי צוטיילט, אַז יעדער אַרבייטער האָט גאָר אַפילו ניט קיין שום בעגריף פון׳ם פּראָדוקט, וועלכער ווערט בעשאַפען דורך זיין כח. ער דרעהט אַגאַנצען טאָג די מאַשינע, ווי איין איינפאַכער פערד, וועלכען מען האָט איינגעשפּאַנט אויסצולאָזען זיין כח. דעם שכל דאַרף דער אַרבייטער דערביי ניט אָנווענדען. אין אַלגעמיין, פאַר די אונטער־נעהמער איז אַזאַ צוטיילונג פון דער אַרבייט זעהר נוצליך, ווייל די צאָהל פּראָדוקטען איז אַסך מעהרע, איידער דענסטמאָל, ווען דער אַרבייטער אַרבייט אויס אַנאַנצען פּראָדוקט אַליין. דורך דעם ווידער, וואָס די אַרבייט איז אַזוי צוטיילט, דאַרף מען ניט האָבען קיין געלערנטע אַרבייטער, יעדערער, ווער עס וויל נור פערקויפען זיין כח, זיין פּראַצע, איז גוט צו אַזאַ אַרבייט. קיין חכמות דאַרף מען דערצו ניט. אין גאַנצען פאַר דער געזעלשאַפט איז אויך נוציג אַזאַ צוטיילונג אין דער אַרבייט, ווייל די אַרבייט געהט אַסך פלינקער, ווען זי איז אַזוי צוטיילט, און ממילא האָט די געזעלשאַפט בכלל אַסך מעהר פּראָדוקטען פאַר איהר געברויך, ווי דענסטמאָל ווען יעדער אַרבייט אויס אַגאַנצען פּראָדוקט. צו אַזאַ צוטיילונג פון דער אַרבייט פיהרט אונז די אַלגעמיינע מלחמה פאַר׳ן לעבען. די צאָהל מענשען ווערט גרעסער, מען דאַרף האָבען מעהר פּראָדוקטען פאַ־ די געזעלשאַפטליכע בעדערפנישען, עס ווערען איינגעפיהרט נייע מאַשינעס, וועלכע דאַרפען ניט האָבען געלערטע אַרבייטער, נור די איינפאַכע פּראָסטע מענשען, וועלכע זענען געצוואונגען צו פערקויפען זייער אַרבייטס־קראַפט.

צו איז אָבער גוט אַזאַ צוטיילונג פון דער אַרבייט פאַר יעדען איינציגען אַרבייטער בעזונדער?

געוויס ניט!

פריהער, ווען דער פויער האָט אויסגעאַרבייט אַלסדינג פאַר זיך אַליין, איז ער געוועזען זעלבסטשטענדיג, ער איז ניט געוועזען פון קיינעם אָבהענגיג, ער איז געוועזען, ווי מען זאָגט, איין עולם קטן, זיין שטעדטיל פלעגט ער בעשטעהן פאַר זיך, די גאַנצע וועלט האָט געקענט ווערען תהו ובהו, וואָלט איהם ניט געק׳מערט, איצט אָבער צו־

ליב די צוטיילונג פֿון דעַר אַרבייט איז דער פּױעָר געָװאָרעָן אָבהעָנגיג פֿון שטאָט. אַלס-דינג, װאָס עָס קומט פֿאַר אין שטאָדט איז נױגעָ דעם פּױעָר, אַזױ װי די שטאָט-לייט; עָר, דעָר פּױעָר, איז געָװאָרעָן אַ יין מיטגליד פֿון דעָם גאַנצען געזעָלשאַפֿטליכעָן אָרגאַניזם. פֿאַר די גאַנצע געזעָלשאַפֿט איז טאַקי בעָסעָר, װעָן דעָר פּױעָר בעָאַרבייט נור דאָס לאַנד און בעָשעָפֿטיגט זיך ניט מיט די איבעָריגע מלאכות, אָבער פֿאַר׳ן פּױעָר אַליין איז דאָס ניט קיין מעלה, עָר איז שױן ניט אין גאַנצעָן פֿריי, עָר איז שױן אונטעָרװאָרפֿעָן דעם גאַנצען שטעדטישען מאַרק, ביי דעָם בעל מלאָכה זעָהט מעָן דעם װידעָרשפּרוך צװישעָן דעָר געָזעָלשאַפֿטליכעָר עָנטװיקלונג און די איינעָנע אינטערעָסען, צװישעָן דעָר עָנטװיקלונג פֿון יחיד אין גאַנצעָן כלל נאָך קלעָרעָר. װעָן אַבעל מלאָכה אַרבייט אױס דעָם גאַנצעָן פּראָדוקט, איז עָר אַסך מעָהר עָנטװיקעָלטעָר און געָזונדעָר, װי װעָן ער טהוט נור אַטייל פֿון׳ם פּראָדוקט. דאָס אױסאַרבייטעָן פֿון אַגאַנצען פּראָדוקט פֿאָדעָרט מעהר שכל, מעָהר הבנה, װי דאָס אױסאַרבייטעָן אַ טייל פֿון׳ם פּראָדוקט; צו דעָר אַרבייט פֿון אַגאַנצעָן פּראָדוקט, מוז דעָר בעל מלאָכה אָנװעָנדעָן אַלעָ זיינעָ כחות, סיי די גייסטיגעָ, סיי די פֿיזישעָ, עס עָנטװיקלעָן זיך אַלעָ מוסקולעָן און פֿעָהיגקייטען אױף אַמאָל, רעָגעָלמעָסיג. דאָרטעָן אָבעָר, װאו די אַרבייט איז צוטיילט דאַרף מעָן דעָם קאָפּ ניט צו לייגעָן, דעָר מח אַרבייט ניט, דעָר אַרבייטעָר װעָרט אַ פּשוט׳ע געציײג, און דעריבעָר האָט עָר ניט בכח זיך צו עָנט-װיקלעָן, אױסעָר דעָם מוז דעָר אַרבייטעָר אַרבייטעָן שטעָנדיג מיט איינעָ און די זעלבעָ אברים. דעָר װאָס דרעהט די מאַשינעָ, צ״ב. אַרבייט נור מיט די העָנד. די העָנד װערעָן פֿון צופֿיעל אַרבייטעָן זעהר אָנגעמאַטעָרט און די איבעָריגעָ מיטגלידעָר טהועָן גאָר ניט און ממילא קעָנעָן זיי זיך אַפֿילו ניט עָנטװיקלעָן, פֿריהעָר איז דער בעל-מלאָכה געװעָן אַגאַנצעָ מאַשינעָ — איצט נור אַטייל פֿון דעָר מאַשינעָ.

װאָס טהוט מעָן דאָ? צו אונטערגעָבען זיך שװייגענד דער היסטאָרישעָר עָנטװיקלונג, װעלכעָ פֿיהרט דעָרצו, אַז מעָנשעָן װערעָן פּראָסטע, איינפֿאַכעָ טעָכנישעָ געָצייג, אָדעָר מיר מוזעָן שטרעבעָן צו דעָר פֿעָרזעָנליכער ענטװיקלונג פֿון יעָדעָן יחיד בעָזונדעָר, ניט קוקעָנדיג אױף דעָם, װאָס פֿאַר׳ן גאַנצעָן כלל איז דאָס ניט קיין מעלה? צו דאַרפֿען מיר קוקעָן נור אױף דעם, װאָס איז נוציג דעָם כלל, אָדעָר װאָס איז נוציג יעדעָן יחיד בעָזונדעָר?

„די אינטעָרעָסעָן פֿון יעָדעָן יחיד איז אַסך װיכטיגעָר, װי די אינטעָרעָסעָן פֿון גאַנצען כלל, װעָלכעָר איז מעהר ניט, װי אַצוזאַמענהאַנג פֿון פֿעָרשיעָדענע יחידים״ — זאָגט דעָר פֿערשטאַרבענעָר מיכאַילאָװסקי. און דעריבעָר דאַרפֿעָן מיר מיט אלעָ אונזעָרעָ כחות מלחמה האלטעָן פֿאַר דעָם יושר, פֿאַר די פּערזעָנליכקייט קעָגעָן דער געזעָלשאַפֿטליכעָר ענטװיקלונג, װעלכעָ פֿאָדערט אז יעָדעָר יחיד זאָל װערעָן א געָצייג לטובת הכלל.

כדי צו פֿערהיטען פֿון אַ טעות, מוזען מיר בעמערקען, אַז מיכאַילאָװסקי האָט בכלל ניט געשטריטען קעגען דער קולטור און ציװיליזאַציע, װעלכע האָט מיט געבראַכט מיט זיך די צוטיילונג פֿון דער אַרבייט. ער האָט נור געקעמפּפֿט קעגען יענעם היסטאָרי-שען גאַנג, װעלכע פֿיהרט דערצו, אַז דער מענש זאָל װערען אפּשוט׳ע געצייג, ער האָט געפֿאָדערט, דאָס יעדער מענש זאָל זיך בעשעפֿטיגען מיט אַזאַ אַרבייט, װעלכע גיט איהם די מעגליכקייט צו ענטװיקלען זיך רעגעלמעסיג, און אַלזייטיג.

* * *

אַזא וועלט־אַנשויאונג מוז זיין דער יסוד פֿון יעדער נאַציאָנאַלער בעוועגונג, וועלכע שטרעבט צו ענטוויקלען די נאַציאָנאַלע גייסטיגע אייגענשאַפֿטען, די נאַציאָנאַלע פערזענליכקייט.

פֿיעלע זענען איבערצייגט, אַז די היסטאָרישע ענטוויקלונג פֿיהרט צו דער צייט, ווען עס וועלען זיך צו זאַמען־גיסען אַלע פֿעלקער און נאַציעס אין איין פֿאָלק, וואָס זי הייסט מענשענטום; עס וועלען ניט זיין קיינע נאַציאָנאַלע בעזונדערהייטען; דער העכסטער ציעל, צו וועלכער די ענטוויקלונג שטרעבט, איז די צייט ווען יעדע גרופּע, אָדער נאַציע וועט זיך אָבזאָגען פֿון איהרע ספּעציאַלע, ערוואָרבענע מנהגים, פֿון איהר ספּעציעלען כאַראַקטער און די איבריגע בעזאָנדערהייטען, וועלכע אונטערשיידען איהר פֿון די איבריגע נאַציעס, און יעדע בעוועגונג, וועלכע שטערט דיזען ציעל, יעדע בעוועגונג, וועלכע שטרעבט צו ענטוויקלען די אייגענטימליכע פּערזענליכקייט, דאַרף בעטראַכט ווערען, אַלס אַרעאַקציאָנע בעוועגונג, וואָס מען דאַרף מיט כל הכחות רודף זיין.

מיר ווילען זיך איצט ניט אַריין לאָזען אין טיעפֿע חקירות, אויב דער היסטאָרישער גאַנג פֿיהרט בכלל צו אַזאַ סאָרט לעבען, ד"ה צו שטרעבט די ענטוויקלונג צו אַזאַ צייט ווען אַלע מענשען וועלען זיין גייסטיג גלייך (מיר רעדען ניט וועגען עקאָנאָמישע גלייכהייט,) עהנליך איינער צום אַנדערן, אָדער דאָס צוקונפֿטיגעס לעבען שטעלט זיך אונז פֿאָר אין דער פֿאָרמע פֿון אַזאַ געזעלשאַפֿט, וואו פֿערשיעדענע נאַציעס פֿיהרען אַ פֿערשיעדענעם גייסטיגען לעבען, און די גלייכהייט וועט ניט זיין אַגייסטיגע נור איין עקאָנאָמישע. די גאַנצע מענשהייט וועט זיין צוטיילט אויף פֿערשיעדענע נאַציעס, צווישען וועלכע עס וועט עקסיסטירען אַשטענדיגער אונגעטרענטער פֿריינדליכער פֿערבונד — וועגען דעם ווילען מיר איצט ניט רעדען — דאָס וואָלט אונז צו ווייט געפֿיהרט. יעדענפֿאַלס, ווי עס זאָל ניט פֿיהרען די מענשליכע ענטוויקלונג, דאַרפֿען די אַלע, וועלכע פֿיהלען ביי זיך אַנאַציאָנאַלע פערזענליכקייט, די, ביי וועמען די נאַציאָנאַלע געפֿיהלען ליגען פֿערגראָבען טיעף אין דער נשמה, ביי וועמען די דאָזיגע געפֿיהלען זענען אַטייל פֿון זייער „איך", — די אַלע דאַרפֿען, לויט מיכאַילאָווסקיס וועלט־אַנשויאונג, קעמפּפֿען פֿאַר זייער נאַציאָנאַליטעט און בעדאַרפֿען זיך ניט אָבזאָגען פֿון זייער „איך" אפֿילו דענסטמאָל, ווען דער היסטאָרישער גאַנג פֿיהרט דערצו. מיר וועלען זיך מאַטערן צו לעבען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס פֿיעלע דאָקטורים האָבען אונז, לויט דער היסטאָרישער ענטוויקלונג, פֿערשריעבען דעם טויט, מיר ווילען ליעבען דאָס, וואָס אונז געפֿעהלט, ניט וואָס דער היסטאָרישער גאַנג ווייזט אונז, מיר ווילען ענטוויקלען אַלע אונזערע אברים און געפֿיהלען, מיר ווילען ניט זיין אַ טומפּע געצייג, אָהן געפֿיהלען אין די הענד פֿון דער ענטוויקלונג. ווי באַלד אַז ביי אונז זענען דאָ נאַציאָנאַלע געפֿיהלען איז דער יושר, אַז מיר זאָלען זיי ניט לאָזען אָבליימען, אונטערגעהן, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די ווירקליכקייט ווייזט אונז אַנ'אַנדער וועג.

מיכאַילאָווסקיס וועלטאַנשויאונג איז דער קרן פֿון אונזער נאַציאָנאַליסטישער טעאָריע [1], ניט קוקענדיג אויף דעם. וואָס מיכאַילאָווסקי האָט וועגען יודישער נאַציאָ־

[1]) דער קערן פֿון דער נאַציאָנאַליסטישער טעאָריע בעשטעהט — לויט אונזער מיינונג — אין דעם, וואָס דער היסטאָרישער גאַנג פֿיהרט אונז גראָד דערצו, אַז עס זאָלען בעשטעהן און זיך פֿריי ענטוויקלען פֿערשיעדענע נאַציעס, און ניט אַלע נאַציעס זאָלען זיך פֿערשמעלצען אין איין גרויסער נאַציע. דער וועלט־פראגרעס, די וועלט־קולטור הייננט אָפּ פֿון דער פֿרייער ענטוויקלונג פֿון פֿיעלע נאציעס און אלס וואס מעהר נאציעס עס וועלען זעלבסטשטענדיג עקסיסטירען אַלס רייכער אלס ווערטפֿאָלער ווערט דער סך־הכל פֿון דער מענשליכער קולטור. רעד.

נאַליטעט כמעט, ווי ניט גערעדט. אונז איז ניט וויכטיג, וואָס מיכאַילאָווסקי אַליין האָט געדענקט וועגען יודישער נאַציאָנאַלער בעוועגונג, וויכטיג פֿאַר אונז איז דאָס, וואָס זיין וועלט־אַנשויאונג דאַרף דיענען אַלס יסוד, אויף וועלכען עס דאַרף ווערען געבויט די נאַציאָנאַליסטישע טעאָריע. מיר זענען איבערצייגט אַז אין דער נאַציאָנאַליסטישע בעוועגונג, וועלכע האָט זיך שטאַרק ענטוויקעלט צווישען דער יוגענד, ביי די, וועלכע קוקען ניט דערויף ווי אויף אַמאָדע־זאַך, אַצייט פֿערטרייבונג, נור ווי אויף אַזאַך, פֿאַר וועלכע זיי זענען פֿערטיג זיך צו אָפּפֿערן—ביי דיזע—זאָגען מיר—האָט מיכאַיאָלאָווסקי געהאַט זעהר אַגרויסע ווירקונג. און די אַלע, וועלכע געבען אונז פֿערשיעדענע עצות אויפֿצוהערן צו זיין גלייך צו זיך אַליין, אויסוואָרצלען פֿון אונז דאָס, וואָס עס איז יודיש,— די אַלע וואָלטען מיר איין עצה געבען איבער צו לייענען דאָס, וואָס מיכאַיאָלאָווסקי האָט אָנגעשריבען און זוכען דעם קערן, דעם זאָמען, פֿון וועלכען עס איז אויסגעוואַקסען זיין וועלט־אַנשויאונג.— דענסטמאָל, מיינען מיר, וואָלטען זיי געקומען צו גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטען.

א. ש. זאַקס.

* *
*

אויפֿגֶעהֶן וֶועט דִי זוּן פוּן פְרִיהְלִינְג,
נַייֶע ווִינְטֶען וֶועלֶען בְּלָאזֶען, —
נוּר דִי זוּן וֶועט גֶעבֶּען לֶעבֶּען
אוֹיף מַיין קֶבֶר נוּר דִי גְרָאזֶען.

נַייֶע פֵייגֶעל וֶועלֶען זִינְגֶען
דַאמָאלְס זַייֶער לִיֶעד אִין זוּמֶער
צְווִישֶׁען בּוֹימֶער אוֹיף מַיין קֶבֶר,
וואוּ אִיךְ לִיעגֶען וֶועל אַ שְׁטוּמֶער.

ס'וֶועט אַדוֹר אַנֵייֶער לֶעבֶּען
אוּן עֶר וֶועט מַיין קֶבֶר וַוייכֶען,
אָדֶער גְלֵייכְגִילְטִיג צוּטְרֶעטֶען
אִין אַ יוֹם־טוֹב טָאג אַרַייכֶען.

י. שטיינבערג.

# דאס „זיעבעלע".

(צו דער אוגאנדא־עקספעדיציע).

---

גראָד דעם נאַטירליכען טוידט פֿון מענשען, פֿלאַנצען און פּראָיעקטען בעמערקען מיר זעלטענער, אַלס דעם אויסערגעוועהנליכען. טויזענדער בוימער ווערען אויף אייביג פֿערטרוקענט דורך די ווינטערדיגע פֿרעסט, מיר בעמערקען אָבער נור יענעם בוים, וועלכען דער ווינד האָט מיט אַ בייזען כח אויסגעפֿליקט צוזאַמען מיט די וואָרצלען; מיליאָנען מענשען פֿיהרט מען צו זייער אייביגער רוה, און מען בעמערקט עס קוים. זאָל אָבער איינער געה'רג'עט ווערען פֿון אַ דאַכציגעל, וואָס איז געפֿאַלען איהם אויפ'ן קאָפּ, וועלען אַלע, פֿון קליין ביז גרויס, ניט קענען זיך אָבּ־חדוש'ן אויף דעם דאָזיגען אוננאַטירליכען טוידט.

אויך פּראָיעקטען ענדיגען זיך מיט אַ געוועהנליכען טוידט אָדער מיט אַ מיתה משונה און אויך ביי זיי אינטערעסירט אונז מעהר די מיתה משונה, אַלס דער געוועהנליכער טוידט. שוין צוויי יאָהרצייטען זענען אַוועק נאָך דעם האָכשול־פּראָיעקט. ניט לאַנג האָבען מיר געהאַט אַ נייעם נפטר — דאָס פּראָיעקט פֿון אַ אַלגעמיינער יודישער ענציקלאָפּעדיע. מסתמא זענען פֿאַראַן נאָך פֿיעלע אַזעלכע נפֿטרים, וואָס די כּחות זענען זיי אויסגעגאַנגען אויף נאַטירליכען אופֿן, — און קיינער רעדט גאָר ניט דערפֿון. דערפֿאַר אָבער ווען די חברה „כל ישראל חברים" האָט מיט אַכזריות דערשטיקט אַ בלייכעס פֿלאַנצעלע, וואָס האָט אַזוי אויך קוים געעטהעמט, ווען די דאָזיגע חברה האָט מיט געוואַלט צוגעמאַכט די לאָדען און טהירען פֿון יפֿו'ער שול, — האָבען אַלע צייטונגען געליאַרמט און געשריגען, זיך מפלפל געווען און זיך מתרעם געווען אויף זיך און אויף כלל ישראל.

ווען דאָס וואָלקענלאַנד אוגאַנדא וואָלט צופֿאַלען אויף שטיקלעך פֿון די „ניין־זאָגערס" קריטיק אויפ'ן 6־טען קאָנגרעס, אָדער צוליעב דער שאַ־פֿער אָפּאָזיציע פֿון אויסישקין און קאָמפּאַניע, — איין גאָט ווייסט, וואָס פֿאַר אַ קלאָג און יאָמער עס וואָלטען זיך אויפֿגעהויבען געגען די „ניין־זאָגער", וויפֿיעל משוגענע לובאַנס וואָלטען געלויערט אויף דאָס לעבען פֿון מאַנכע אונזערע מורשים. איצט אָבער, ווען אוגאַנדא איז איינגע־זונקען אויף שטענדיג, ווען דאָס גאַנצע אוגאַנדא־פּראָקט איז געשטאָרבען מיט אַ נאַטיר־ליכען טוידט, — האָט עס גאָר קיינער כמעט ניט בעמערקט. איך בין בטוח, אַז נאָך היינט געפֿינען זיך ביי אונז אַסך מענשען, וועלכע ווייסען נאָך ניט, אַז אוגאַנדא איז ניטאָ, אַז זי איז אויף אייביג טוידט און בעגראָבען פֿאַר אונז. איך צווייפֿעל ניט, אַז אַסך אוגאַנדיסטען פֿרעהען זיך נאָך מיט'ן וואָלקענלאַנד, ווי מיט אַ לעבעדיגען פּראָעקט — און

דעמאָלט נעהט מיר איבער אַ ציטער איבער׳ן לייב: איך דערמאָן זיך ניט ווילענדיג אָן יענע משוגענע מאַמע, וואָס האָט געטוליעט צום הארצען אַ טוידט קינד...

יאָ, דאָס אוגאַנדא־פּראָיעקט איז געשטאָרבען. און ווייל זיין טוידט איז געווען צו נאַטירליך, האָבען כמעט אַלע איהם פערזעהען. גראָד דעמאָלט, ווען דער שטרייט צווי־שען די „ארציים“ און „ציונים“ איז געווען אַזוי שטאַרק; גראָד ווען ה. הלל צייטלין האָט אָנגעהויבען שרייבען זיינע אוגאַנדיסטישע מאמרים אין חסידישען לשון און על פי דרך הפשט: גראָד ווען ה. חזן האָט זיך אַזוי געריעסען דאָס האַרץ און געזוכט צו מאַכען פון אוגאַנדיסטען — טעריטאָרי׳אַליסטען, געזוכט זיי צו פיהרען פון איין צעבראָכענער לייטער אויף אַ צווייטע, נאָך מעהר ריזיקאַלישע; ווען דער „הדגל“, וועלכער שרייבט לייטאַרטיקלען מכה דעס, אַז זיין ווייב האָט אַ יונגעל געבוירען, איז געוואָרען דער „רע־אַלער דענקער“ פון אונזער בעוועגונג, און די „השקפה“, דאָס ש נ אָ ר ע ר י ש ע ב ל ע־ט ע ל פון בן יהודה, ד ע ם ק ע ס ט־ב ח ו ר פון ראָטשילד׳ס אדמיניסטראַציע, האָט אָנגעהויבען צו חריפען אין פאַלעסטינא אַ אוגאַנדא־זמר׳ל, — גראָד אין דעם דאָזיגען רעש, אין אַזא מהומה איז אַ״סגענאַנגען די נשמה פונ׳ם אוגאַנדא־פּראָיעקט.

* *
*

דאָס אוגאַנדא־פּראָיעקט קען מען פערגלייכען צו אַ „זיעבעלע“, וואָס האָט זיך אַביסעל געאיילט צו קומען אויף דער וועלט. נאָך איידער מיר האָבען אַ אייגענע טערי־טאָריע האָט מען געוואָלט אונז בעשענקען מיט אַ קאָלאָניע פאַר דאָס קינפטיגע לאַנד. איינע פון די ניאַנקעס פון דאָזיגען זיעבעלע, ה. זאַנגוויל, האָט געטענעט: „ביי׳ם יודישען פאָלק געהט אַלעס קאַפּויער, דעריבער מוזען מיר בעקומען פּוטער פריהער פאַר׳ן ברויט, דאָס קינד נאָך פריהער פאַר דער מאַמען. דעריבער מעגען מיר איינהאַנדלען, אַלע נאָרמאַלע פעלקער אויף להכעיס, אַ קאָלאָניע, נאָך איידער מיר האָבען אַנ׳אייגען לאַנד“. מאַנכע ניאַנקעס פון די מזרחים האָבען געבראַכט נאָך אַ ראיה צו זאַנגוויל׳ס רייד פון דער תורה הקדושה. מען האָט מסביר געווען זאַנגוויל׳ס געדאַנקען מיט׳ן לעבען פון אברהם אבינו. ישמעאל איז געבוירען געוואָרען פאַר יצחק׳ן, ווען שרה פּרוכטבאַרט זיך ניט, מוז מען נעהמען אויך הגר׳ן. אָדער על פי פירוש: די קאָלאָניע איז פריהער פאַר׳ן לאַנד. אויך אַנדערע ניאַנקעס, למשל מיסטער גרינבערג, האָבען ניט געשפּאָרט קיין קינסטליכע מיטלען, אום נור צו דערהאַלטען דאָס זיעבעלע ביי׳ם לעבען. מיט באַבסקע און טאָ־טערשע סגולות, מיט אַלערליי שקרים און א ו נ ט ע ר ג ע ו ו אָ ר פ ע נ ע פאַלשע ידיעות אין די צייטונגען האָט גרינבערג געזוכט האָטש אויף אַ ווילע צו דערהאַלטען די נשמה פון נפל׳ע. די ניאַנקעס אָבער האָבען קיין מזל ניט געהאַט. שטיל, כמעט אָהן אַ קרעכץ האָט זיך דאָס זיעבעלע אָבגעטראָגען פון יודישען וועלטעל. און די מקברים זענען צ ו ו י י ג ו י א י ש ע ט ש י נ אָ ו ו נ י ק ע ס און א י י ן י ו ד י ש ח ד ר־י ו נ ג ע ל. דער כ ש ר׳ע ר מ ז ו מ ן פון דער אוגאַנדא־עקספּעדיציע האָט דאָס זיעבעלע בעגראָבען און פערשאָטען. און — עס איז אַ געלעכטער צו דערצעהלען! — גרינבערג אַליין האָט געמוזט זאָרגען פאַר צוויי פון די מקברים. דעם דריטען, דאָס בחור׳ל פון קעטהענער טעכנישען חדר׳ל, האָט מנדב געווען פּראָפעסאָר וואַרבורג, וועלכער, אַלס „פּראַקטיקער“, האָט בטבע פיינד אַלערליי „זיעבעלעך“, וואָס קומען אויף די וועלט מיט אַ גוף פון אַ שוועמעל און מיט אַ צאַפּעלדיגער נשמה.

דאָס זיעבעלע האָט זיך שטיל אָבגעטראָגען. און „אזוי ווי ביי אונז איז דאָך אלעס קאפויר", וועט עס דוקא בעקומען א גרויסע מצבה, דען אונזערע יודישע שרייבער האָבען איהם אויסגעבויט א גרויסען פאפיערענעם אהל, און אזוי ווי אין 20 טען יאהר־הונדערט האלט זיך פאפיער שטארק, ווי מויער, וועט נאָך לאנג בלייבען אין זכרון דאָס בלייכע פנימל פון קליינעם קאליעקע מיט די קורצע טעג.

אויך איך, אָרעמער, האָב שטארק חשק צו פערגרעסערן דעם פאפיערענעם אהל און איך וועל פרובען אין קורצע ווערטער צו בעשרייבען די תולדה פון זיעבעלע, ניט פערגעסענדיג דערביי אויך זיינע טרייע ניאנקעס.

* * *

ווי ביי איטליכען „זיעבעלע", איז די געבורט פון אוגאנדא־פּראָיעקט געווען א אונ־נאטירליכע. אייגענטליך איז עס געווען אַ מפל־קינד, דען, ווי עס איז בעקאנט, איז עס ארויסגעפאלען אויפ׳ן קאָנגרעס־טיש גאָר אונגעריכט.

ניט נור פאר די דילעגאטען און די מורשים, — אויך פאר׳ן ד״ר הערצלען זעלבסט איז דאָס אוגאנדא־פּראָיעקט געווען א אונגעריכטע זאך. איצט איז שוין בעוואוסט, אז גרינבערג האָט, דורך זיינע פאלשע, אונפעראנטוואָרטליכע גענג, געצוואונגען הערצלען ארויסצוטרעטען אויפ׳ן קאָנגרעס מיט׳ן אוגאנדא־פאָרשלאג.

ווען טשעמבערלען האָט איינינע מאָנאטען פאר׳ן קאָנגרעס פאָרגעשלאָגען הערצ־לען די קאָלאָניזירונג פון אוגאנדא, האָט הערצל געענטפערט, אז אָהן אקציאָנסקאָמיטעט און אהן קאָנגרעס קען ער ניט אריינגעהען מיט ענגלאנד אין טיפערע אונטערהאנדלונגען. אין דער קורצער צייט אָבער האָט גרינבערג, אָהן הערצל׳ס ווּיסען, אין נאָמען פון דער באנק און אלס איינער פון איהרע פערטרעטער ווייטער פערהאנדעלט מיט׳ן ענגלישען מיניסטעריום און האָט לסוף בעקומען דאָס בעקאנטע שיר־המעלות׳ל, וואָס מען האָט אונז פאָרגעלעזען אויפ׳ן לעצטען קאָנגרעס. דאָס רעזולטאט פון גרינבערג׳ס פאָליטיקאניזם האָט הערצל בעקומען ערשט עטליכע טעג פאר׳ן קאָנגרעס. פאר הערצלען איז עס געקומען גאנץ אונערווארטעט, ווי ער אליין האָט געמעלדעט די מורשים אויפ׳ן לעצטען קאָנגרעס. אום ניט צו קאָמפּראָמעטירען דעם ציוניזם אין די אויגען פון טשעמבערלענען און פון ענגלאנד, האָט הערצל ניט געקענט דערצעהלען, אז גרינבערג האָט פערהאנדעלט אָהן אמת׳ע פאָלמאכטען, ניט פרעגענדיג דעם אקציאָנס־קאָמיטעט. הערצל האָט ניט געקענט בלויס שטעלען די ציוניסטישע אָרגאניזאציע און ארויסזאָגען פאר דער גאנצער וועלט, אז מיר האָבען נאָך ניט קיין דיסציפלין און קיין אבשיי פאר הויפּט־יסודות פון ציוניזם. און ער איז געצוואונגען געווען אריינצוברענגען אין די געשעפטסאָרדנונג דעם אוגאנדא־פאָרשלאג, האָטש הערצל אליין וואָלט ביי זיך קיינמאָל ניט געפועלט פאָרצושלאָגען אויפ׳ן קאָנגרעס א פּראָיעקט, וועלכער איז ניט אנגעקינדיגט געוואָרען מיט וואָכען פריהער אין די הויפּט־פונקטען פון דער געשעפטס־אָרדנונג.

הערצל, דער שעפפער פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע, האָט ניט צום ערש־טען מאָל געבראכט זיך אלס קרבן, אום נור צו פערהיטען דעם נאָמען פון אָרגאניזירטען ציוניזם. אום צו שוינען דעם כבוד פון אקציאָנסקאָמיטעט און קאָלאָניאלבאנק, אין וועמעס נאָמען גרינבערג האָט אין א זינדיגען אופן געפיהרט די אונטערהאנדלונגען, — האָט

הערצל געמוזט לפנים דורכפיהרען דאָס אוגאַנדא־פּראָיעקט אויפ'ן קאָנגרעס. אין הארצען אָבער האָט ער פון דעם מפיל קינד דאָס מינדיסטע נחת ניט געהאט.

איך וויל דערמיט ניט זאָגען, אז דאָס, וואָס הערצל האָט געטהון, איז געווען ריכטיג. נאָך מיין מיינונג, האָט הערצל דאָך ניט געדאַרפט אריינברענגען אויפ'ן קאָנגרעס דעם פּראָיעקט. איך וויל נור דערצעהלען די אוננאַטירליכע תולדה פון אוגאַנדא־פּראָיעקט, וואָס איז געקומען אויף אונז, ווי אויף הערצלען, גאָר אונגעריכט, ווי פון הימעל אראָבגעפאַלען. מעהרערע פאַקטען בעווייזען, ווי ניט ליעב דאָס מפיל־קינד איז געווען פאַר אונזער פיהרער.

באלד נאָכ'ן קאָנגרעס האָט הערצל געבעטען נ. סאָקאָלאָוו'ן דעם בעקאַנטען רעדאַקטאָר פון „הצפירה", ער זאָל שרייבען שאַרפע ארטיקלען געגען אוגאַנדא. „די וועלט", וועלכע, ווי עס איז בעקאַנט, האָט צו הערצל'ס צייטען געהאַלטען שטאָהל און אייזען פאַר'ן פיהרער'ס פּאָליטיק און פלעגט ניט צולאָזען אפילו קיין רעדליכע בעשיידענע קריטיק, — אָט די זעלבע „וועלט" האָט אין דער אוגאַנדא־פראגע צוגעלאָזען אלערליי מיינונגען פאר און געגען; געגען נאָך אין א שאַרפערן טאָן, אלס פאָר.

הערצל האָט ניט דערלאָזט, אז צו דער עקספּעדיציע נאָך אוגאַנדא זאָל בענוצט ווערן ציוניסטיש געלד. צוערשט האָט ער געזוכט צו פאַראינטערעסירען יק"א מיט אוגאַנדא, און אלס דאס איז איהם ניט געלונגען, האָט ער געזוכט דורך פּריוואַטע מיטלען צו בעקומען געלד אויף די עקספּעדיציע. בכלל האָט ער ניט אנגעווענדעט זיין געוועהנליכע ענערגיע אום צו קריגען געלד פאר די עקספּעדיציע. די געברענגטע פאַקטען און פיעלע אנדערע, וואָס וועלען נאָך מיט דער צייט פערעפענטליכט ווערן, בעווייזען קלאָר און דייטליך, אז דאָס אוגאַנדא־פּראָיעקט איז געווען פאַר הערצלען א גענויטע זאַך, און ער האָט געזוכט מיט אלע מיטלען, אָבהיטענדיג דערביי דעם כבוד פון אונזער אָרגאַניזאַציע, פּטור צו ווערן פונ'ם דאָזיגען אונגליקליכען פּראָיעקט.

בכן, איז דאָס מפיל־קינד אַנ' אָנשיקעניש פון „ציוניסטישען" מיסטער גרינבערג פאַר וועלכען ד״ר הערצל, אַלס דער אויבערשטער האר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אַלע איהרע שררים'לעך, האָט געמוזט ניט ווילענדיג ערב זיין. הערצל האָט שטענדיג געפיהלט, צוגלייך מיט די „ניין"־און פיעלע פון די „יאָ־זאָגער", אַז אַ פערזעהעניש איז אַריין אין די בעוועגונג. חוץ גרינבערגען, (דעם אמת'ן טאַטען פון פערזעהעניש), האָט קיינער ניט געקענט דאָס מפיל־קינד באמת סובל זיין. די ערשטע טעג איז מען אפילו געלאָפען קוקען אויף זיין בייז וואונדערע, ווי אויף יעדען אַנטיק און נאַטס פערזעהעניש. מען האָט געהאַפּט ענציקלאָפּעדיעס, ביכלעך איבער מזרח־אַפריקאַ, אוגאַנדאַ, געלאָפען זיך דורכרעדען מיט דזשאָנסטאָנען, דער געוויזענער גובערנאַטאָר פון אוגאַנדאַ, מיט'ן זעלבען דזשאָנסטאָנען, וואָס איז אַטאָג געווען פאַר, אַטאָג געגען דער יודישער קאָלאָניזאַציע אין אוגאַנדאַ. ציוניסטען, וואָס זענען אין געאָגראַפיע ניט דערגאַנגען ווייטער פון יפו, חיפה ביז דער קאָלאָניע אַרטוף, האָבען געהאַפּט צוביסלעך קענטניסע מכח דעם ניאַנצע־קיאַנגע און וויקטאָריאַ. זענען געוואָרען שטיקלעך מחותנים מיט דעם באַרג קעניא און האָבען געקראַגען אַ שטיקעל ידיעה מכח דעם שוואַרצען שבט מאַסאַי. אָבער ליעב קריגען האָט מען דאָס מפיל־קינד פאָרט ניט געקענט.

מיט דער צייט אָבער, אוים טרייהייט און ליעבשאַפט צו הערצלען, האָט אַקליינער

טייל גענומען טענה'ען, אז אוגאנדא איז א שען קינד, אויף וועלכען מען מעג בשעת הדחק אפילו א ברכה מאכען. אנ'אנדער טייל, ד. ה. די אמת'ע גלות־יודען, וואס האבען שוין פון לאנגע דורות א חשק זיך מפלפל צו זיין וועגען פרעמדע עסקים וואס קנייטשען דעם שטערן איבער די אונטערנעהמונגען פון „חנרי לוד" און וועלכע ארבייטען מיט דער לאנ'שער מעטאדע פון „איפכא מסתברא", — אט די האבען זאגאר מיט קל־וחומר'ס און גזרות־שוות בעוויזען, אז דאס מפיל־קינד איז א פיין, שיין קינד, פון וועלכען מיר וועלען נאך אמאל גרויס נחת האבען, מען דארף נור זעהען, האבען זיי געטענה'עט, אנצו וענדען דאס איינציגע מיטעל, וואס וועט עס דער־פ־ישען און שטארקען. מען דארף זעהען וואס גיכער צו שיקען א עקספעדיציע, וועלכע זאל אונז ברענגען קלארע, גענוי'ע און גוטע ידיעות איבער אוגאנדא. א עקס־פעדיציע פון מומחים וועט דאס מפיל־קינד ביי'ם לעבען דערהאלטען, און נאך ישמעאל'ן מוז שוין יצחק קומען. דאס שטעהט דאך בפירוש אין חומש בראשית.

אזוי האט זיך אנגעהויבען די תולדה פון זיעבעלע.

* * *

אלע אבער האבען גוט פערשטאנען, אז כל זמן די עקספעדיציע וועט ניט געשיקט ווערן, קענען קיינע פראזען, קיין התלהבות פון פילאנטראפישע שרייער ניט דערהאלטען ביי'ם לעבען דאס אוגאנדא־פראיעקט.

די קליגערע קעפ האבען אפילו גענוי געוואוסט, אז אויך די בעסטע עקספעדיציע וועט שוין דא ניט העלפען. דען עס איז א כלל גדול, אז איטליכעם פראיעקט, וואס דרינגט אריין אין א דעמאקראטישע ארגאניזאציע דורך אונדעמאקראטישע, דיקטאטא־רישע „Быть по сему" — מיטלען, — קען קיין קיום ניט האבען, וויכטיגע־פרוכטבארע פארשלעגע און אידעען גנבענען זיך ניט אריין דורך א שפאלט. ווען דאס אוגאנדא־פראיעקט וואלט ניט סותר געווען דעם הויפט־פרינציפ פון אונזער בע־וועגונג, ווען דער געדאנק אבצולענקען אונזער שטרעבען פון היסטארישען לאנד אויף וואס עס איז פאר א לאנד וואלט אין נאטירליכער וויזע געמוזט איינ־דרינגען אין אונזער בעוועגונג, — דעמאלט וואלט עס ניט אראבגעפאלען אויף אונזערע דעלעגאטען, ווי א מעטעארשטיין פון הימעל. שוין דער פאקט אליין, וואס מען האט אונז אויפ'ן 6־טען קאנגרעס נעהאלטען א חלף אויפ'ן האלז, וואס מען האט אונז מיט גזלנישער טאקטיק געצוואונגען אנצונעהמען א פראיעקט, פון וועלכען דער פיהרער האט געוואוסט ניט מעהר, אלס מיר אלע, — שוין דאס אליין האט נעגראבען א קבר פאר'ן אוגאנדא־פראיעקט. דורך שמוץ און אלערליי זינדיגע געדאנקען איז עס געקומען צו אונז. די פאלשע געננ און די חטאים געגען דער ארגאניזאציע, די חטאים פון גרינבערגען און פון די ענגלישע „חברים", וואס חלש'ן נאך כבוד און גארען צו ליגען ביי לייטען אין די מיילער, — זיי האבען מיר צו פערדאנקען דאס אונטער־געווארפענע ממזר'ל. נאך ניט גענוג, וואס די דאזיגע פיינע לייט האבען גע־שענדעט פריהער די ארגאניזאציע, האבען זיי נאך געשענדעט מיט'ן אונטערגע־ווארפענעם פראיעקט דעם לעצטען און וויכטיגסטען יסוד פון ציוניזם — דעם קאנגרעס. דען דאס וועלען דאך מודה זיין אלע, וואס האבען מיטגעלעבט דעם 6־טען קאנגרעס, אז זעלטען ווען א דעמאקראטישע פערזאמלונג איז בעהאנדעלט געווארען

מיט מעהר חרפה אין בזיון, אלס די אסיפה פון אויסגעקליבענע ציוניסטישע דעלע־גאטען אין מאנאט אויגוסט 1903־טען יאהר.

א פראיעקט, וואס איז מיט טרפה'נע וועגען אריין אין די ארגאניזאציע, קען שוין ניט האבען קיין האפנונג אויף א לאנגען קיום. אויך די "יא־זאגער" האבען ניט געקענט הנאה האבען פון א זאך, אין וועלכער זיי האבען געשפיעלט די ראלע פון שעפסען, פון "שטים־פיה", ווי די דייטשען דריקען זיך אויס. קיין עקספעדיציע קען שוין דערצו ניט העלפען, דאס, וואס גנבעט זיך אריין דורך א הינטערטהירעל, מוז אויך פערשווינדען דורך א הינטערטהירעל. דאס, וואס איז געבוירען געווארען אין שאנד, וועט אויך מיט חרפה אונטערגעהן.

דעריבער האבען די קלארערע קעפ (אויך די, וואס האבען מיטגעפיהלט מיט'ן טעריטאריאליסטישען פלאן) גוט געוואוסט. אז די שענסטע שליחים פון גאט וועלען שוין ניט קענען פערלאטען דעם געוואלטריעס, וואס איז געמאכט געווארען דורך די אונפארלאמענטארישע און גזלנישע ארט, מיט וועלכער מען האט דעם קאנגרעס גע־צוואונגען אין עטליכע טעג אנצונעהמען א בעשלוס וועגען א זאך, וואס איז פאר אלעמען געווען ניי, אונערוואַרטעט און פרעמד.

די נארישע קעפ צווישען די אוגאנדיסטען האבען אבער נאך געהאפט אויף די עקספעדיציע, אז זי וועט נאך קענען אבשרייען דאס פער'חלש'טע מפיל־קינד. און אין קול האבען זיי געשריגען: שיקט וואס גיכער די עקספעדיציע! געוואלד, וואס זוימט מען מיט דער עקספעדיציע! — א. ז. וו., א. ז. וו.

קיין געלד צו דער עקספעדיציע האבען זיי אפילו ניט געגעבען, דען עס איז שוין א בעוואוסטע זאך, אז די גרעסטע שרייער ביי אונז זענען צוגלייך די קלענסטע געלדגעבער. אנדערע האבען זאגאר געטענהעט, אז קיין געלד אויף די עקספעדיציע וועט קיינמאל פעהלען, דען ווי וועט דאס עמיצער אבשטעהן פון טיילנאהמע אין אזא ענין ווי פקוח נפשות. און אלס עס איז פארט קיין געלד ניט געווארען, — האט מען אנגעהויבען חושד זיין די "ניין־זאגער", די מורשים, די בערנער שטודענטען און וועמען איהר ווילט. נור קיינעם פון די אוגאנדיסטען איז ניט איינגעפאלען זיך א טאפ צו טהון, האטש אויף א רגע זיך אליין חושד צו זיין. קוים מיט צרות האט מען אין $1\frac{1}{2}$ יאהר צונויפגעזאמעלט א 15־טעל דע־פון. וויפיעל מען האט גערעכענט: 7 טויזענד רובעל [1]) נאך 13 טויזענד האט מען צו פערדאנקען גרינבערגען, וועלכער האט ערגעץ־וואו, ביי קריסטען. אויסגעבעטעלט נדבות פאר'ן יודישען פאלק. ביי די 20 טויזענד רובעל איז מען געבליעבען שטעהן. קיין 7 מענשען האט מען שוין ניט געקענט שיקען, אויך קיין אנשטענדיגע דריי שליחים האט מען ניט געקענט בעקומען פאר אזוי ווייניג מזומנים...

די פערטומעלטע אוגאנדיסטען האבען אבער אויף דאס אלעס ניט געקוקט. זיי האבען ניט נעאכטעט דערויף, וואס צו דער אוגאנדא־עקספעדיציע מישען זיי צו עפעס א ינטערגעווארפען געלד. זיי האט ניט געארט די שאנדע דערפון, וואס די עקספעדיציע ווערט צוזאמענגעשטעלט פון א חדר־יונגעל, וואס האט אקארשט געענדיגט א מיטעלע טעכנישע שולע אין קעטהען, און פון צוויי מענשען, וואס

[1]) א ריכטיגע עקספעדיציע פון 7 מענטשען ווי מען האט בעשלאסען אויפ'ן קאנגרעס, האט געדארפט קאסטען מינדעסטענס 100,000 רובעל.

שעמען זיך ניט צו געהן אין א וויכטיגע עקספעדיציע אלס גלייכע צוזאמען מיט א חדר־יונגעל. מען האט זיך ניט געפונען בעלעדיגט דאדורך, וואס מען האט די עקספעדיציע אזוי ביליג אבגעהאנדעלט. און מאנכע אוגאנדיסטען האבען נאך שטאלצירט מיט גרינבערגען, וועלכער האט זייט $1^1/_2$ יאהר ניט אויפגעהערט צו קאמפראמעטירען די ציוניסטישע בעוועגונג; וועלכער האט צולעצט נאך ארויסגעוויזען א וואונדערליכע גבורה ניט צו ענטפערן אויף צעהנדלינגער בריף פון אקציאנסקאמיטעט, ניט צו ענטפערן די מיטגליעדער פון קאמיטעט אויף די פראגע — פון וואנען ער האט בעקומען די געהיימניספאלע 13 טויזענד רובעל. אויך דעמאלט אלס ד"ר טשלענאוו האט איהם אין פיינעם אופן אנגעמערקט, אז צוליעב דעם כבוד פון יודישען פאלק טארען מיר פון געוויסע פערזאנען ניט נעמען קיין מתנות („אתנן זונה ומחיר כלב"), איז ער ניט רויט געווארען, ער האט זיך נור אבגעשמייכעלט און קיין אנטווארט אליין ניט געגעבען.

די אוגאנדיסטען אבער האבען דאס ניט בעמערקט. זיי האבען אויך ניט געוואוסט דערפון, אז פראפעסאר ווארבורג האט עקסטרא פארגעשלאגען דאס חדר־יונגעל, אום די עקספעדיציע זאל נאך מעהר פערליערען איהר ווערטה, נאך מעהר קאמפראמעטירט ווערען [1]. די ארעמע אוגאנדיסטען, די שיצער און היטער פון „זיעבעלע" האבען ניט געזעהען, אז דער אייגענער גרינבערג, וואס האט אונז בעשענקט מיט'ן מפיל־קינד, דינגט פאר דעם טשינגאוניקעס, אום דאס גיכער צו בעגראבען.

זיי, די אוגאנדיסטען, זענען געווען פערנומען מיט הויכע טעארעטישע וכוחים. יעדער פעראיין איז געווארען אקאלאניאל־מיניסטעריום, און ברייט און לאנג, מיט גרויס עם־הארצות, האט מען געשטרייט פאר א נייעם פרינציפ, פאר'ן טעריטאריאליזם. און בעת עם הארצים זענען געווארען פערברענטע „ארציים", בעת מאנכע פאנטאזיארען האבען שוין געבויט בנינים ביי'ם פוס פון בארג קעניא, האט דאס אוגאנדא־פראיעקט אויסגעצויגען די שטרויהענע פיסלעך.

* * *

נאך אזא קברנישער עקספעדיציע קען שוין דער מת פון קבר ניט אויפשטעהן.

אז קיינער וועט ניט האבען דאס מינדעסטע צוטרוי'ען צו דער ביליגער עקספעדיציע מיט החהן ווילבושעוויטש דעם יונגערן צוזאמען — פערשטעהט זיך פון זיך זעלבסט. קיין מענש מיט א קלארען שכל וועט ניט קענען אכטען דעם בעריכט פון א עקספעדיציע, וועלכע איז געגאנגען אויף זיעבען וואכען [2] שמעקען די לופט פון אוגאנדא. אלעס, וואס זיי וועלען אונז דערצעהלען, וועט שוין פאר אונז קיין טעם ניט האבען. אויפ'ן אוגאנדא־קאנגרעס וועלען די דריי שליחים (אויב זיי וועלען זיך ניט שעמען זיך צו ווייזען פאר'ן עולם) זיין די לעכערליכסטע פיגורען. מען וועט אויף זיי טייטלען מיט די פינגער, מען וועט זיך ניט קענען אבוואונדערן אויף די מענשען, וואס ווילען אין זיעבען וואכען בעקאנט ווערן מיט א לאנד, וועלכעס דארף כלומרשט ערנעהרען א גאנץ פאלק. אויך פאר'ן טרייעסטען פריינד פון

[1] אלס מען האט ביי פראפ. ווארבורג געפרעגט: ווי אזוי שלאגט ער פאר א אונגעבילדעט יונגעל ביי אזא וויכטיגער זאך, — האט ער געענטפערט: אך, לאמיר וואס שנעלער פטור ווערן פון אונגאנדא־שווינדעל!

[2] דאס געלד קלעקט ניט אויף לענגערן אויפענטהאלט.

אוגאַנדאַ וועט שוין איצט קיין ספק ניט זיין, אַז די עקספּעדיציע איז ניט מעהר אַלס אַ קינדערשפּיעל, אַ געצוואונגענע קינדערשפּיעל פון ציוניזם, וואָס האָט, אויס אַכטונג צו'ם קאָנגרעס, געזוכט לפנים יוצא צו זיין פאַר די החלטה פון 6-טען קאָנגרעס.

און דעמאָלט וועט מוזען אויך דער אונקלאָרסטער מה פון די אוגאַנדיסטען זיך שטעלען איינע פון די צוויי פראַגען: צו איז דאָס אוגאַנדאַ-פּראָיעקט באמת בעגראָבען? אָדער מען מוז זיך בעמיהען צו שיקען אַ צווייטע עקספּעדיציע?

אַ צווייטע עקספּעדיציע קען מען שוין אָבער ביי'ם קומענדען קאָנגרעס ניט אַזוי לייכט פּועל'ן, דען דעמאָלט וועט שוין ביי דער פראַגע פון אַ צווייטער עקספּעדיציע מוזען זיך אויפהייבען אַ גרעסערע, אַ וויכטיגערע — די פראַגע איבער'ן ציוניסטישען פּראָגראַם. דען נור דורך די ענדערונג פון פּראָגראַם. נור איבער די צ ע ב ר א כ ע נ ע ל ו ח ו ת פון באַזעלער ציוניזם קען מען קומען צו אַזאַ בעשלוס, ווי צו שיקען אַ צווייטע עקספּעדיציע נאָך אוגאַנדאַ.

צו חלומ'ט זיך אָבער האָטש איינעם פון די אוגאַנדיסטען (וועגען ריינע טעריטאָריאַליסטען קלער איך איצט ניט; קיינער ווייסט ניט, וואָס זיי ווילען; מען ווייסט אויך ניט, פון וואַנען זיי נעמען זיך) דער געדאַנק צו צערייסען דאָס באזעלר פּראָגראַם? צו שרעקט ער זיך ניט אַליין פאַר אַזאַ געדאַנק?.. צו וועט ער ניט גיכער זיך איינמאָל אויף אַלע מאָל אָבזאָגען פון אַ פּראָיעקט, וואָס האָט אַזאַ שענדליכען עבר און אַזעלכע שטרויענע פיסלעך? צו וועט ער ניט גיכער זיך טרייסטען נאָכ'ן טויט פונ'ם מפיל-קינד, איידער פאַרצושלאָגען אַ צווייטע עקספּעדיציע, וועלכע שמעקט שוין מיט'ן צוזאַמענבראָך פון קאָנגרעס?

איך צווייפעל ניט אַ מינוט, אַז איטליכער אוגאַנדיסט וועט זיך בייגען פאַר דעם פאַקט, אַז אוגאַנדאַ איז אויף אימער פערשוואונדען פון אונזערע געדאַנקען. אין האַרצען איז דאָס סיי ווי סיי קיינעם ניט געליגען.

דאָס אָבער, וואָס פאַר די וועניגער דענקענדע אוגאַנדיסטען וועט קלאָר ווערן ערשט מיט דער צייט, איז פאַר אַנדערע העלערע קעפּ שוין היינט קיין סוד ניט. פיעלע ווייסען שוין היינט, אַז דאָס אוגאַנדאַ-פּראָיעקט איז געשטאָרבען, אַז די קברנים זיינע זענען די שליחים פון דער עקספּעדיציע. אויפ'ן קומענדיגען קאָנגרעס וועלען מיר הערען דעם הספד אויף דעם מפיל-קינד, מיט וועלכען גרינבערג האָט צוערשט הערצלען, דערנאָך אונז אַריינגעפיהרט אין זאַק. דען וואָס פאַר אַ חשבון די שליחים זאָלען אונז ניט פאָרלעזען, וועט עס אַלענפאַלס זיין אַ הספד.

* *
*

דאָס אוגאַנדאַ-פּראָיעקט מיט'ן פּנים פון אַ זיעבעלע איז געשטאָרבען מיט אַ נאַטירליכען טויד. עס זענען איהם אויסגעגאַנגען די כחות. אין דער צייט פון טומעל און בהלה האָט דער ציוניזם געמוזט זיך מיט איהם בעשעפטיגען. די ציוניסטישע סביבה איז אָבער ניט דער אָרט, וואו עס קענען אויסוואַקסען אַזעלכע זיעבעלעך. די הענד, וואָס האָבען איהם געטראָגען, — די זעלבע הענד האָבען איהם בעגראָבען. זיין טאַטע, גרינבערג, איז אויך געוואָרען זיין תליין, און די שליחים פון דער עקספּעדיציע — זיינע הויפּט-העלפער. און וייל דאָס זיעבעלע האָט שטיל, אָהן אַ קרעכץ אויסגעהויכט זיין נשמהלע, האָט עס גאָר קיינער ניט בעמערקט.

איצט אָבֶער, ווען איך האָב אין קורצען אָנגעוויעזען אויף די תולדה און דעם סוף פון אָרעמען זיעבעלע, ווען אויך די פערטומעלטע אונאַנדיסטען (די קלוגע ווייסען שוין דערפון אָהן מיר) מוזען מודה זיין, אַז זיי טוליען צו'ם האַרצען אַ בר־מינן, און וועלען מיט עקעל זיך אָבשאָקלען פון איהם. אַ געזונדע פּאָלקספּאָליטיק טראָגט זיך ניט אַרום מיט זיעבעלעך, מפיל־קינדער און אַלערליי טויטע גופים און פראָיעקטען. [1]

בעל מחשבות.

[1] מען קען אויפ׳ן מחבר ברוגז זיין פאר מאַנכע צו שאַרפע אויסדריקע. מיר מיינען אָבער, אַז דאָס איז ניט וויכטיג. וויכטיג איז צו וויסען אַז די אַלע געבראַכטע פאַקטען זענען אמת׳ע. און אָט אויף דיעזע וויכטיגע פאַקטען, און ניט אויפ׳ן טאָן פון אַרטיקעל, וואָלטען מיר געבעטען אונזערע אונאַנדיסטען זיך אָפּשטעלען און זיך ערנסט בעטראַכטען.

ד. רעד.

# דָאס פֵּייגֶעלֶע.

דָארְטֶען אויף דֶעם בֵּיימֶעלֶע,
דָארְטֶען בַּיי דֶעם טַייכֶעלֶע,
שְׁפְּרִינְגְט אַרוּם אַ פֵּייגֶעלֶע,
שְׁפְּרִינְגְט עֶס אויף אַ צְוַויינֶעלֶע.

הִינְטֶען רוישְׁט דָאס וַואסֶער׳ל,
אויבֶּען זִינְגְט דָאס פֵּייגֶעלֶע,
שְׁפִּיגֶעלְט זִיךְ אִין טַייכֶעלֶע,
שְׁפִּיגֶעלְט זִיךְ דָאס בֵּיימֶעלֶע.

הִינְטֶען רוישְׁט דָאס וַואסֶער׳ל,
אויבֶּען לַייכְט דִי זוּן אַרָאבּ
פְרֵיילֶעךְ זִינְגְט דָאס פֵּייגֶעלֶע,
הִילְכִ׳דִיג קְלִינְגֶען טֶענֶער אָבּ.

— וָואס בִּיסְט דוּ לוּסְטִיג שְׁוֶועסְטֶער׳ל,
וָואס טַאנְצְט דוּ אויף דֶעם צְוַויינֶעלֶע ?—
רוּפְט זִיךְ אָן אַ קוּלֶ׳עכְל
פוּן אַ צְוֵוייטֶעם פֵּייגֶעלֶע.

— פוּן אַ דְרָאטְהְ׳ן שְׁטַייגֶעלֶע
וָואס הָאט בַּיי טָאג דִי זוּן פֶערְשְׁטֶעלְט,
הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַרויסגֶעכַאפְּט
אויף דֶעם פְרַייֶען, גְרִינֶעם פֶעלְד !...

א. מ. ווייסענבערג.

# חַאבְּנֶע.

אַ מעשה גלאַט אַזוי זיך, אין דער וועלט אַריין, וואָס איינער האָט דערצעהלט, און אַסך האָבען צוגעהערט, און אויפגעשריבען און אַרויסגעגעבען האָט דאָס

## שלום־עליכם.

---

געווען איז דאָס אין אַדעס. זענען מיר געזעסען אין אַ מסיבה אַ גאַנצע חברה ליטעראַטען, שרייבערס הייסט דאָס, וואָס שרייבען, און לעזער, וואָס לייענען, און גלאַט — יונגע לייט, און סטודענטען אַ פּאָר, און אַ מיידעל איז געווען, וואָס איז געקומען שטודירען, אַ גאַנץ היבש מיידעל אַ געזונדע מיט רויטע באַקען, און גלאַט יודען מן הצד, דאָס הייסט אַזעלכע וואָס זענען צו אונזער חברה ניט שייך. נור זיי זעהען יודען רעדען, הערט מען זיך איין, ריקט מען זיך צו אלע מאָל נעהענטער, אַזוי לאַנג ביז עס ווערט איין קאָמפּאַניע און מע'פאַרבייט זיך מיט די גלעזער אויפ'ן טיש און מיט די פיס אונטערען טיש — חברים כל ישראל... געווען איז אייגענטליך ניט שבת נור אַ וואָכעדיגער טאָג און גערעדט האָבען מיר אייגענטליך ניט פון שבת, נור פון גאָר אַנדערע זאַכען; אויב איך האָב קיין טעות ניט האָבען מיר גערעדט און געשפּאַרט זיך איבער ציוניזם, טעריטאָריאַליזם, אַחד־העמיזם, קלויזנעריזם, און גאָר ניט אין זינען געהאַט בשעת מעשה ניט קיין געלד, ניט קיין שבת, ניט קיין שטעדטיל, וואָס הייסט חאַבנע, אַפילו ניט מזכיר געווען און אפילו אויף דער מחשבה ניט גע־קומען. פּלוצים, איך וויים ניט ווי אַזוי און וואו אַרום עס הויבט זיך אויף אַ יונגער־מאַן אַ געלער מיט ווייסע ברעמען, איינער פון די יונגע לייט וואָס „מן הצד", און טהוט אַ מאַך מיט דער האַנד און הויבט אָן בזה הלשון:

— שאַ, וואָס טויג אַייך דאָס? אֶלא־מאַי אָט וועל איך אייך דערצעהלען אַ שענערע מעשה, וואָס מיט מיר האָט זיך געטראָפען אין חאַבנע! חאַבנע איז אַ שטעדטעל, אַ שטעדטעל אַזעלכעס פאַראַן וואָס הייסט האַבנע. האָט דאָס שטעדטעל חאַבנע אַלסדינג וואָס אַ שטעדטעל בעדאַרף צו האָבען: אַ פּאָסט, מיט אַ ראַבינער, מיט אַ טייך, מיט אַ רב, מיט אַ טעלעגראַף, מיט אַ בית עולם, מיט אַ פּריסטאַוו, מיט אַ תלמוד תורה, מיט חסידים, מיט בתי מדרשים צוויי, מיט קבצנים זעהר אַסך און מיט נגידים זעהר ווינציג, ווי געוויינטליך אונזערע קליינע שטעדטליך. האָט מיך דער גוטער יאָהר פאַרטראָגען אין דעם שטעדטעל איין מאָל אויף אַ שבת. איהר מעגט דאָס האָרכען, עס איז אַ שיינע מעשה, נאָר אַ קורצע, זי קאָן אייך צו נוטץ קומען. דאָס ווייסט איהר דאָך מן הסתם גאַנץ גוט, אז אין אַ קליין שטעדטעל אַז איהר קומט צופאָרען אויף שבת, מוזט איהר ווערען קליינשטעדטעלדיג. עס וועט אייך גאָר נישט העלפען. פון פאָהרען ווייטער דאָס פאַרגעסט. חאַבנע איז ניט אַדעס, זינט

חאַבנע איז חאַבנע האָט דאָרט נאָך קיין מאָל קיין יוד ניט מחלל שבת געווען. און אַז איהר בלייבט אויף שבת אַ חאַבנער, מוזט איהר קודם כל געהן אין מרחץ אַריין, וואָס דען וועט איהר טהון? איהר וועט זיך אַוועקזעצען שרייבען ספרים? און להבדיל אין שול אַריין שמועסט מען דאָך ניט. איך האָב געוואָלט זעהען אַדרבה איהר זאָלט קומען צופאָהרען קיין חאַבנע אויף שבת און ניט געהן אין שול אַריין. איהר מיינט מען וועט אייך חלילה עפּיס טהון שלעכטס? חס מלהזכיר. מען וועט אייך גאָר ניט טהון; מען וועט אייך נור אָנקוקען; גאַנץ חאַבנע וועט זיך קומען צונויף אָנקוקען דעם יודען, וואָס איז געקומען קיין חאַבנע אויף שבת און וויל ניט געהן אין שול אַריין. און וואָס פאַר אַ פּנים וועט איהר האָבען ביי'ם בעל הבית? וואָס פאַר אַ טעם וועט האָבען דאָס עסען, וואָס מען וועט אייך געבען בעזונדער? און ווער ווייסט צו מען וועט אייך גאָר געבען עסען בעזונדער? וואָס זענט איהר, אַ פּריץ, וואָס איהר זאָלט עסען בעזונדער, ניט מיט'ן בעל הבית ביי איין טיש, ניט מאַכען הויך קיין קדוש, ניט זינגען מיט אַלעמען קיין זמירות? זעהט איהר, ווען איהר זאָלט זיין להבדיל אַ פּריץ, דעמאָלט איז עפּיס אַנדערש. דעמאָלט קריגט איהר אַלסדינג צו זיך אין חדר אַריין, עסען, און טרונקען, און אַ פּאַפּיראָס, און אַפילו אַ סאַמאָוואַר ניט אויסגערעדט זאָל זיין אום שבת. פון וואַנען נעמט זיך עס ווילט איהר ווּיסען? ע, דאָס זאָלט איהר ניט פרעגען. וואָרום אַז איהר וועט אָנהויבען פרעגען קשיות למאי, למאַי דאָס למאַי יעניץ, וועט זיין אַ מעשה אָהן איין עק. בקיצור זענט איהר געקומען קיין חאַבנע מוזט איהר ווערען אַ חאַבנער.

האָט זיך אָבער געטראָפען מיט מיר אַ מעשה: איך בין געפאָהרען צו אַ פּריץ ניט ווייט פון חאַבנע און האָב געפיהרט מיט זיך געלד, שיינע עטליכע טויזענדער; עס האָט מיר צושפּאַרט די בוזעם-קעשענים; דער וואָס האָט ניט געוואוסט האָט דאַכט מיר אויך בעדאַרפט זעהען, אַז איך פיהר מיט זיך געלד, וואָרום אַ מענש, אַז ער פיהרט געלד, האָט ער גאָר איין אַנדער פּנים. ער געהט גאָר אַנדערש, ער שטעהט אַנדערש. ער רעדט אַנדערש. געלד, פאַרשטעהט איהר מיך, האָט אין זיך אַ כח — עס איז געלד!... הכלל וואָס טהוט מען מיט'ן געלד? ערשטענס — שבת. חאַבנע איז ניט אַדעס. ווי אַזוי וועל איך מיך אַרומטראָגען שבת מיט געלד? והשנית מוז איך אייך דעם אמת זאָגען אַז איך האָב טאַקי אַביסעל מורא געהאַט צו נעכטיגען אויף דער אַכסניה מיט קיין עין הרע אַזאַ מטבע. ניט חלילה איך האָב מורא געהאַט פאַר'ן בעל אַכסניה, דער בעל אַכסניה איז געווען אַ יוד אַ פרומער דוקא. און אַ כשרער, מיט זעהר אַ שיינע קאַפּאָטע, מיט אַ גאַרטעל. איך ניט פאַר קיין גזלנים האב איך מורא געהאַט: חאַבנע האָט ניט חלילה קיין שם פון אַ שטאָדט פון גזלנים אָדער חאַפּערס. מען האָט ניט געהערט נאָך אויף דער וועלט אַז אין חאַבנע זאָל פאָרקומען רציחות אָדער גזלות. אַי טאָמער איז דאָרט געווען אַמאָל אַ שטיקעל פּאָגראָם, איז דאָך עס נור בשעת פּאָגראָם, און וואו איז היינט ניט פאַראַן קיין פּאָגראָמען?... איך זאָג אייך בהן שלי, איהר קאָנט געהן אין חאַבנע אין מיטען האַלבע נאַכט איינער אַליין, אויף מיין אַחריות. עס וועט אַייך גאָר ניט געשעהן. אם כן וואָס זשע האָב איך געהאַט מורא צו האָבען? איך האָב מורא געהאַט, פאַרשטעהט איהר מיך נור פאַר איין זאַך, קיין עין הרע אַזאַ סומע געלד, פרעמד געלד, ניט מיינס... טאמער חלילה אַ קשיא וואָס עס מאַכט זיך... איך דרעה מיך אַהער,

איך דרעה מיך אַהין — עס איז שלעכט. וואָס טהוט מען? איך מאַך אַ שמועס מיט מיין בעל אַכסניה: ווער זענען דאָ אין חאַבנע פון די פאַרנעמסטע לייט, פון די נגידים? ענטפערט ער דאָך מיר מסתמאָ: „צו ליעב וועלכען צוועק? אפשר מכח אַ געשעפט?“ זאָל איך איהם געהן דערצעהלען וואָס מיך קוועטשט. אמת ער איז טאַקי אַ שיינער יוד מיט אַ שיינער קאַפּאָטע און מיט אַ גאַרטעל, און חאַבנע איז טאַקי ניט קיין שטאָדט פון גזלנים אָדער חאַפּערס. עס איז דאָך אָבער געלד, קיין עין הרע אַזאַ סומע געלד, פרעמד געלד, ניט מיינס... בקיצור איך פרעג איהם דאָס, פרעגט ער מיך יענץ, איך זאָג איהם נגיד, זאָגט ער מיר געשעפט, אַהין אַהער, איך האָב ביי איהם אַרויסגעצויגען דאָס וואָס איך בעדאַרף צו האָבען: אַז חאַבנע איז אַ שטעדטיל פון לויטער קבצנים, דאָס הייסט עס איז פאַראַן אין חאַבנע נגידים אויך נור זעהר ווינציג. פאַראַן סך הכל איינער אַזעלכער, וואָס מען קאָן אויף איהם זאָגען, אַז ער איז אַ שטיקעל נגיד און אפשר טאַקי אַ גאַנצער נגיד און ניט נור אַ נגיד, נור אַ גביר קאָן מען זאָגען, אַ גביר עצום. זיין געלד הייסט עס, האָט קיינער ניט געצעהלט, נאָר געלד האָט ער, און אפשר טאַקי אַסך געלד. היינט האָט ער הי'זער אייגענע, מיט קלייטען אַ גאַנצען מאַרק, מיט אַ שטיקעל וועלדיל, טאַקי אַ וואַלד קאָן מען זאָגען, צוויי וועלדער. און דער צו איז ער נאָך נישקשה פון אַ מענשעל אויך, דאָס הייסט ניט קיין שלעכטער בטבע, מען קאָן זאָגען אַ גוטער. מיט אַ גוט האַרץ און מיט אַ ברייטער האַנד; האָט ליעב זיך אויסשטעלען פאַרשטעהט איהר מיך, מיט אַ נדבה, מיט אַ גמילת חסד, מיט אַ טובה'לע, ער זאָגט ניט אָפּ קיינם ווער עס זאָל ניט קומען צו איהם, געוויינטליך צוליב כבוד, האָט ליעב כבוד, אַ נגיד האָט ליעב כבוד; האָטש אַזוי ביי זיך איז ער כלומרשט איין ענו, אַ פראָסטער ביי זיך, האָט פיינט כבוד, און מען קאָן זאָגען אויף איהם אַז ער איז אַ גאַנץ עהרליכער, דאָס הייסט ניט קיין גרויסער צדיק, נור ער וועט ניט טהון וואָס מען טאָר ניט, בפרהסיא, אַזוי אַז אַלע זאָלען זעהען; אפשר ביי זיך דאָרט הייסט עס, אַז קיינער זעהט ניט, ווייס מען ניט; ווער איז דאָס מחויב ערוב זיין פאַר יענעם? נו אין לשון אָרענטליכקייט איז דאָך ניט שייך, קיין דאַנק קומט איהם ניט, וואָרום אויב אַזאַ מענש זאָל שון ניט זיין אָרענטליך, טאָ ווער זשע דען?..

הכלל איך האָב פון די רייד געקאָנט אַרויס זעהען, אַז דעם דאָזיגען פאַרשוין מעג איך מיין פותיקא געטרויען, און איך האָב מיך אַוועק געלאָזט צו איהם בעציי־טענס, ערב שבת פאַרן מרחץ, געטראָפען איהם אין דערהיים איבער אַ ספר, זעהר אַ פיינער מענש, זיצט שען, נגידיש גרויסאַרטיג און רוהיג, ווי געוויינטליך אַ גביר אין אַ קליין שטעדטעל. אַריין געקומען געב איך איהם אָפּ שלום. דערצעהל איהם די גאַנצע מעשה אַזוי און אַזוי: איך פאָהר דאָ צו אַזאַ און אַזאַ פריץ, פיהר מיט זיך געלד, מוז דאָ בלייבען שבת האַלטען, האָב איך מורא, אַ קשיא אויף אַ מעשה, חאַבנע איז טאַקי אַ שטאָדט ניט פון קיין גזלנים און ניט פון קיין חאַפּערס, און מיין בעל אכסניא איז טאַקי אַ שיינער יוד מיט אַ שיינער קאַפּאָטע און מיט אַ גאַרטעל, נור וואָס דען? קיין עין הרע אַזאַ סומע געלד, פרעמד געלד, ניט מיינס!.. ענטפערט ער מיר מיט אַ שמייכעל: „וואָס זשע ווילט איהר, יונגערמאַן?“ זאָג איך איהם, אַז איך האָב איהם געוואָלט בעטען, אפשר איז מעגליך, ער זאָל ביי מיר דאָס ביסעל געלד צו נעמען און בעהאַלטען דאָס ביז איבער שבת ביי זיך אין שאַפע, ער

האָט איין אייזערנע שאַפֿע. ווען איך קענען זיין רוהיג, דאָס הייסט איך בין חלילה קיינעם ניט חושד, האבנע איז אַ שטאָדט, זאָג איך, ניט פֿון קיין גזלנים און ניט פֿון קיין חאַפּערס. קיין עין הרע אַזאַ סומע געלד, פֿרעמדס, ניט מיינס.... הערט ער מיך אויס און מאַכט צו מיר מיט אַ שמייכעלי: „יונגער מאַן, איהר קאָנט מיך ניט און ווייסט מיך ניט, ווי אַזוי פֿערטרויעט איהר מיר דאָס אַזאַ סומע געלד?“ זאָג איך צו איהם: אַ גוטער נאָמען לאָזט זיך הערען, און מסתמא וועט איהר מיר דאָך, זאָג איך, אַרויסגעבען עפּיס אַ קוויטעל, עס איז דאָך געלד, זאָג איך, אַזאַ סומע געלד, פֿרעמדס ניט מיינס... טהוט ער אַ שמייכעל און רופֿט זיך אָן צו מיר, אַז קיין קוויטליך האָט ער אויף זיין לעבען ניט געגעבען קיינעם... זאָג איך איהם: „לאָז זיין אָן אַ קוויטעל“. זאָגט ער: ער וויל ניט. זאָג איך: „וואָס זשע טהוט מען? זאָגט ער: „ווי איהר פֿאַר־שטעהט“. זאָג איך: אפשר עדות?“ זאָגט ער: „מהכתיתי“. זאָג איך: „וועמען זאָל איך ברענגען?“ זאָגט ער: „וועמען איהר ווילט“. זאָג איך: „געפֿינט זיך ניט ביי אייך אין שטאָדט עפּיס אַפּאָר פֿיינע מענשען?“ זאָגט ער: „ביי אונז זענען אַלע פֿיינע מענשען“. זאָג איך: „ווי באַלד אַזוי טהו איך אַ שפרונג און ברענג מיט זיך אַ פּאָר בעלי בתים“. זאָגט ער: „שפרינגט און ברענגט וועמען איהר ווילט“... און איך זעה אַז עס פֿאַרדריסט איהם די מעשה, פֿאַרענטפֿער איך מיך פֿאַר איהם, אז איך וואָלט עס געוויס ניט געטהון, לאָם איך עס, זאָג איך, פֿאַר מאָגען וואָס איך וואָלט איהם נעטרויט; נאָר אזוי ווי, זאָג איך, דאס געלד איז ניט מיין געלד, עס איז פֿריהער נאטס און נאכדעם פֿרעמדס, מוז איך דאך זיין פֿארזיכטיג. הא? ווי זאגט איהר? דארף איך זיין פֿארזיכטיג?... הערט ער מיך אויס מיט א שמייכעלי און שוויינט. פֿאַר־שטעה איך אז שטארק צו פֿריעדען איז ער ניט, נאר איך האב דאך שוין געזאגט, אז איך לויף אוועק ברענגען א פאר בעלי בתים מוז מען לויפֿען ברענגען א פאר בעלי בתים, און איך לאז מיך אוועק צוריק אויף דער אכסניה און נעם זיך ווידער אמאל צו מיין בעל הבית ביי איהם אויסטאַפּען, ווער זענען דא אין האבנע פֿון די שענסטע בעלי בתים? איז אבער אונמעגליך ביי איהם ארויס צוציהען א ווארט; ער וויל נאר וויסען איין זאך: צו ליעב וואס בעדארף איך דאס וויסען? אויב, זאגט ער, צו ליעב א שדוך איז איין אנדער זאך, און אויב צוליעב קרעדיט איז שוין ווידער עפּיס אנדערש, אין אויב אפּילה, זאגט ער, גלאט אזוי בעדארף ער, זאגט ער, אויך וויסען וואס ליגט דאָ פֿאר א טעם...

אהין אהער, ער האט זיך מיר אויסגעקוועטשט, אז פֿיין זענען אייגענטליך אלע האבנער בעלי בתים, דאס הייסט אז מען וויל, זאגט ער, צוריק מעג זיי דאס צוקומען וואס זיי נעהט אפּ צו פֿיינקייט, ווארום וואס איז שייך פֿיין? פֿיין קאן מען, זאגט ער, אנרופֿען איטליכען בעזונדער, און אז מען וויל, זאגט ער, איז קיין פֿיין גאר נישט פֿאראן אין ערגיץ, עס ווענדט זיך, זאגט ער, אין דעם, וואס פֿאר א פֿיינקייט מען זוכט ביי יענעם: צי געלד, צי יחוס, צי תורה, צי דרך ארץ, צי אפּשר אלע זאכען אין איינעם? נור אזוי ווי אליץ אין איינעם, זאגט ער, איז ניטא ביי קיינעם, לכן זענען, זאגט ער, אין האבנע אלע פֿיין; נור אויב איך וויל, זאגט ער, עס זאל זיין פֿיין שבפֿיין, זענען פֿאראן, זאגט ער, נור צוויי פֿיינע מענשען אין האבנע: רב לייזער און רב יאסי. אויף זיי קאן מען, זאגט ער, זאגען פֿיין וואס פֿיין הייסט!.. „ווער, זאג איך, איז למשל דער רב לייזער און ווער איז דער רב יאסי?“ זאגט ער מיר: וואס

איז דער נפקא מינה? און אז איך וועל אייך שוין זאגן וועט איהר דען וויסען?״ זאג איך: „וואס איז שייך? יעדער מענטש האט דאך זיין כאראקטער״. זאגט ער: „איהר זענט אַ מאדנער יוד, אלסדינג דארפט איהר וויסען! רב לייזער איז אַ יוד וואס מען רופט איהם לייזער, און רב יאסי איז אַ יוד וואס מען רופט איהם יאסי, נו? אצונד איז אייך שוין גרינגער?״...

בקצור איך בין אַריבערגעגאַנגען צו דעם רב לייזערען וואס מען רופט איהם לייזער און צו דעם רב יאסי׳ן וואס מען רופט איהם יאסי, און האב מיך באַקענט מיט זיי, גאנץ שיינע יודען מיט שיינע בערד, זיך צערעדט מיט זיי פון דעם און פון יענעם, גלאט אזוי זיך אין דער וועלט אריין, אזוי לאנג אזוי ברייט, ביז מע איז ארויף אויף דעם וואס איך בעדארף, און האב זיי גאנץ פשוט דערצהלט די גאנצע מעשה אזוי און אזוי אז פאָהרענ פאָהר איך צו א פריץ, פיהר מיט זיך געלד, האב איך מורא טאמער א קשיה, חאבנע איז טאקי א שטאדט ניט חלילה פון גזלנים אדער האפערס, נור עס איז דאך עפּיס געלד, קיין עין הרע אזא סומע, פרעמדס ניט מיינס... לכן בעט איך זיי, אויב זיי ווילען פארדיענען א מצוה, זאלען זיי זיך מטריח זיין מיט מיר אויף איין מינוט צום גביר פון חאבנע, נישט מעהר ווי זיין דערביי בשעת איך גיב איהם איבער דאס געלד ער זאל דאס בעהאלטען ביי זיך איבער שבת. אויסגעהערט האבען זיי מיך, אט דער רב לייזער וואס מען רופט איהם לייזער און דער רב יאסי וואס מען רופט איהם יאסי, מיט קאפ, זיך גענלעט בשעת מעשה די בערד, איבער־געפרעגט ביי מיר נאך אמאל און נאך אמאל: פון וואנען און וואהין און וואס און ווען, און האבען זיך נישט געלאזט לאנג בעטען און מיר זענען אלע דריי זיך דורכ־געגאנגען צום גביר פון חאבנע, געבעטען זאל קיין פאראיבעל ניט האבען, חאבנע איז טאקי א שטאדט ניט חלילה פון גזלנים אדער חאפרס.. און איך האב גאנץ פיין אויפגעבונדען די קעשענים, ארויסגענומען און איבערגעצעהלט דאס ביסעל ארעמקייט, רעכט איינגעוויקעלט אין א פאפיר און איבערגעגעבען דאס דעם גביר פון חאבנע גלייך אין די הענד אריין, ער זאל דאס באהאלטען ביי זיך אין דער אייזערנער שאפע ביז איבער שבת. געבעטען נאך אמאל ער זאל קיין פאראיבעל נישט האבען וואס איך בין איהם מטריח, חאבנע איז טאקע א שטאדט ניט חלילה פון גזלנים אדער האפערס, עס איז דאך אבער געלד, קיין עין הרע אזא סומע געלד, פרעמדס ניט מיינס... און דער גביר פון חאבנע האט גאנץ פיין איבערגענומען ביי מיר דאס פעקיל פון האנד צו האנד ווי מען נעמט איבער למשל א קינד אויף א ברית־מילה פון דער קוואטערין צום קוואטער, און מיינע צוויי יודען בשעת מעשה האבען געהאלפען קוקען, יך גענלעט די בערד און באלעקט זיך ווי א קאץ בשעת זי קוקט אויף פוטער... און איך האב מיך אפגעזעגענט, נאך אמאל געבעטען מען זאל קיין פאראיבעל ניט האבען פאר דער טרחה, חאבנע איז טאקי א שטאדט ניט חלילה פון גזלנים אדער חאפערס, און א גוטען שבת. און א סוף.

אויסגעלײדיגט די בוזעמקעשענים איז מיר אַראָפּ צעהען פּוד משא און איך בין מיר מיט אַ פרייען קאָפּ געגאַנגען אין שול אַריין, געהערט זאָהר אַ שיינעם חזן, וואָס ציקעלט זיך אַפילו אַביסעל צופיעל און מאַכט משונה מאָדנע קונצען מיט׳ן האַלז, טערלייקעט דעם „לכה דודי״ ווי אַ סאָלאָווי, לאָזט אויס דעם „מזמור שיר ליום השבת״ ווי אַ זינגער להבדיל אין טעאַטער, און זאָגט דעם „כגונא״ עכט יוריש, מיט אַזוי

פֿיעל „מאָראָלי", מיט אַזאַ מין מתיקות, אַז עס גלוסט זיך הערען נאָך אַ מאָל און נאָך אַמאָל — איך האָב שוין לאַנג ניט געהערט אַזאַ חזן ווי אין חאבנע, איך האָב שוין לאַנג ניט געהערט אַזאַ קדוש מיט אַזעלכע זמירות ווי אין חאבנע, איך האָב שוין לאַנג ניט גענעסען אַזעלכע געפֿעפּערטע פֿיש מיט אַזעלכע געשמאַקע לאָקשען מיט אַזאַ צימעספֿלייש ווי אין חאַבנע, איך בין שוין לאַנג ניט אַזוי געשלאָפֿען געשמאַק ווי איך בין געשלאָפֿען יענע נאַכט שבת, און אויך דעם גאַנצען טאָג שבת בין איך געשלאָפֿען, ווי אַ קיסר! אויסגעשלאָפֿען זיך אויף אַלע זייטען, בין איך מיר גאַנץ פֿיין אויפֿגעשטאַנען, אַרויסגעגאַנגען אַביסעל אויפֿ'ן שפּאַציער, אָנקוקען חאבנע, חאַבנער יודען מיט חאַבנער ווייבער, חאַבנער בחורים מיט חאַבנער מיידלעך, וואָס געהען אָנגעטהון און אויסגעפּוצט נאָך „דער לעצטער מאָדע". נאָכדעם האָב איך מיר גאַנץ פֿיין אָבגעגעסען דעם קאַלטען שלש סעודות און גאַנץ פֿיין אָבגעזינגען די שיינע זמירות, אוועק אין שול אַריין דאַוונען מעריב, געקומען, אָפּגעמאַכט גאַנץ פֿיין הבדלה, זיך פֿערעכענט גאַנץ פֿיין מיט דער בעל הבית'טע אויף דער אַכסניה אָפּגעריסען געוויינטליך פֿונם חשבון אַפּאָר גילדען, און זיך נעלאָזט גאַנץ פֿיין צום גביר פֿון חאבנע נאָך די עטליכע גראָשענס.

געקומען צום גביר פֿון חאבנע, האָב איך איהם געטראָפֿען אין זעהער אַ שיינעם זיידענעם חאַלאַט מיט זיידענע קאָטעסען, געהט ארום גאַנץ פֿיין איבערן זאַל, דרעהט מיט די קאָטעסען פֿון איין פֿינגער אויפ'ן אַנדערען, באָמקעט און זינגט מיט זעהר אַ שיינע שטימע:

אליהו הנביא!
אליהו התשבי!
אליהו הגלעדי!..
במהרה במהרה בימינו!...

„מילא יענער זינגט, טראַכט איך מיר, לאָז ער זינגען; ער וועט אויפֿהערען צו זינגען, וועל איך איהם דערמאָלט זאָגען". מיין גביר אָבער הערט ניט אויף צו זינגען, צו באָמקען און צו דרעהען מיט די קאָטעסען פֿון איין פֿינגער אויפֿן אַנדערען. איך הויב אָן צו זיצען אויף הייסע קוילען, חאַפּ זיך אויף אַלע מאָל און וויל צוגעהן צו איהם און זאָגען מכח יענער מעשה, איז אָבער אומעגליך: ער זינגט און באָמקעט און דרעהט מיט די קאָטעסען פֿון איין פֿינגער אויפֿן אַנדערען, און דאָס קול געהט אַלע מאָהל העכער און העכער:

אליהו הנביא!
אליהו התשבי!
אליהו הגלעדי!
אַי — אַי — אַי! אַי!
אַי — אַי — אַי! אַי!
במהרה, במהרה, בימינו!..
אליהו הנביא!
אליהו התשבי!
אליהו הגלעדי!...

וואָס עס וועט זיין וועט זיין, טראַכט איך מיר און טהו מיר אָן אַ כח און גערה צו צו איהם און רוף מיך אָן, אַז איך רעכען אם ירצה השם היינט, באַלד טאַקי הייסט עס, פאָהרען אין וועג אַריין, האָב איך איהם געוואָלט בעטען מכח המ... הויבט ער אויף דעם פינגער מיט'ן קאָטעם גאַנץ הויך און מאַכט צו מיר הויך, אויף אַ קול:

אליהו הנביא!
אליהו התשבי!
אליהו הגלעדי!
אַי אַי אַי — אַי!
אַי אַי אַי — אַי!

„וואָס ס'האָט זיך מיר געחלומט יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט און אַ גאַנצע וואָך —- אַזוי טראַכט איך מיר — דער מענש האָט זיך אַביסעל פאַרליעבט אָן אליהו'ן, ס'איז איהם גאָר ניט אָפּצורייסען!" — בקיצור ער האָט געזונגען און געבאָמ־קעט אַזוי לאַנג ביז ער האָט אויפגעהערט צוזינגען און צו באָמקען. „אַ גוטע וואָך— מאַכט ער צו מיר — אַ גוטע וואָך, זיצט". און מיר זעצען זיך אַוועק גאַנץ פיין ביידע ביים טיש, און ער איז מיך מכבד מיט אַ גאַנץ פיינעם פאַפּיראָס, שאַפט מען זאָל אַריינטראָגען צוויי גלאָז טיי, מיר אַ גלאָז און איהם אַ גלאָז, און טהוט מיך אַ פרעג: „יונגערמאַן, וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען גוטס?" — „וואָס זאָל איך, זאָג איך, זאָגען? איך פאָהר היינט אַוועק, זאָג איך, טאַקי באַלד הייסט דאָס, האָב איך אייך געוואָלט, זאָג איך, בעטען די עטליכע גראָשענס". — „וואָס פאַר גראָשענס? „די עטליכע קערבלעך", זאָג איך. — „וואָסערע קערבליך?" „דאָס געלד, זאָג איך, דאָס געלד מיינס". — „וואָסער געלד?" „וואָס הייסט, זאָג איך, וואָסער געלד? איהר ווייסט ניט וואָס איך מיין? איך מיין, זאָג איך, דאָס געלד וואָס כהאָב אייך געגעבען בעהאַלטען ביז איבער שבת". — „איהר, זאָגט ער, האָט מיר געגעבען געלד? און בשעת מעשה מאַכט ער אַזאַ פנים גלייך ווי איך וואָלט איהם געזאָגט למשל, אַז זיין נאָז איז ניט זיינע, נור מיינע"...

איהר קאָנט פאַרשטעהן ווי אַזוי מיר איז געוואָרען בשעת מעשה אויף דער נשמה: אַ קשיא אויף אַ מעשה, חאַבנע איז טאַקי אַ שטאָדט חלילה ניט פון קיין גזלנים ניט פון קיין חאַפּערס, נור צוריק האָב איך מיך מישב געווען: „אפשר טרייבט ער קאַטאָוועס?" הויב איך אָן צו לאַכען: „חאַ־חאַ, איהר זענט אַ רעכטער ליץ, זאָג איך, איהר קאָנט גוט די מלאָכה!" מאַכט ער צו מיר אָבער זעהר ערענסט: „וואָסער מלאָכה?" „איהר טרייבט, זאָג איך, מיט מיר קאַטאָוועס". מאַכט ער צו מיר שוין צו ערענסט: „יונגערמאַן, איך בין ניט אייער גלייכען און טרייב ניט מיט אייך קיין קאַטאָוועס! זאָגט, וואָס ווילט איהר?"...

דאָ האָב איך שוין דערפיהלט, אַז דאָס פנים ציטערט מיר, די אויגען פינטלען, די קנעכליך הויבען זיך אָן צו טרייסלען, אָט פאַל איך אום, נור איך גיב מיך ניט אַרויס, איך נעם עס אָן אַלץ פאַר אַ שפּאַס און טהו איהם אַ זאָג: „נו, גענוג אייך שוי'ן צו לצ'עווען, כלעבען ניט מיר אָפּ מיין געלד, לאָם איך פאָהרען". מיין גביר פון חאַבנע זיצט אקעגען מיר, קוקט מיר גלייך אין די אויגען אַריין און איהר זאָלט זאָגען ער זאָל דאָס אַפילו אַ ריהר טהון מיט אַ ברעם, אַ פינטעל טהון מיט איין

אויג, גאָר ניט, גלייך ווי איך וואָלט עָפּיס גערעדט פּינ׳ם וועג, חלילה פונ׳ם זינען. „יונגערמאַן — מאַכט ער צו מיר גאַנץ געלאַסען — איהר זענט זיך טועה, איהר האָט געטראָפען ניט אַהין וואו איהר דאַרפט". טהוט דאָך עס מיך שוין מסתמא אַ טראַג אויף און איך רוף מיך אָן צו איהם: „אויב איהר טרייבט ניט קיין קאַטאָוועס, זאָג איך, פאַרשטעה איך אייך ניט וואָס דאָס איז פאַר אַ שפּיעל. איך האָב אייך געגעבען, זאָג איך, בעהאַלטען געלד, קיין עין הרע אַזאַ סומע געלד, דאָס געלד איז ניט מיינס, סאיז פרעמד געלד"... און איך פיהל אַז די צונג פּלאָנטעט זיך, אין האַלז שטיקט, אינ׳ם לינקען אויהער פייפט, עס געהט מיר אָפּ, ווי מען זאָגט, אַ מינוט צום חלשען. איך וויים ניט, מאַכט ער צו מיר, וואָס איהר רעדט" „האָט איהר, זאָג איך, ביי מיר קיין געלד גיט גענומען?" „איך, זאָגט ער, ביי אייך? וויזט, זאָגט ער, איהר האָט עָפּיס אויף פּאַפיר?.." דאָ איז מיר גאָר געוואָרען שלעכט; אַצינד פאַרשטעה איך שוין, פאַר וואָס ער האָט געזאָגט אַז ער התמ׳ט ניט קיין קוויטלעך!.. „סטייטש, זאָג איך, נו און די עדות וואָס זענען דערביי געוועזען?" מאַכט ער צו מיר: „עדות? וואָסערע עדות?" „ניט געוועזען, זאָג איך, דערביי, רב לייזער און רב יאָסי?" „וואָסער לייזער, וואָסער יאָסי?" „סטייטש, זאָג איך, גאָט איז מיט אייך, אָט, זאָג איך, טהו איך אַ שפרונג און ברענג זיי צו פיהרען!" „שפּרינגט, מאַכט ער צו מיר, וואָהין איהר ווילט, אַבי לאָזט מיך צורוה, איהר זענט מיר, זאָגט ער, ניט ביי אַלע געדאַנקען, יונגערמאַן"...

און לויפענדיג אַזוי צו מיינע עדות, פליהט מיר דורך בשעת מעשה אַ מחשבה: אפשר בין איך טאַקי ניט ביי אַלע געדאַנקען? אפשר איז דאָס גאָר אַ דמיון? אַ חלום? אפשר בין איך גאָר ניט אין חאבנע? איך לויף און די געדאַנקען לויפען, דער קאָפּף ווערד מיר שיעור ניט צערשפּאַלטען אויף שמיקלעך. דער רוח האָט מיך געטראָגען קיין חאבנע אויף שבת! וועה און וויינד, וואָס וועל איך טהון, אַ קלאָג, פאַרפינסטערט בין איך געוואָרען?!...

אהין אהער איך קום צו רב לייזערען, איך קום צו רב יאָסין, דערצעהל זיי דעם אומגליק, וואָס מיר האָט געשעהן: „קומט, זאָג איך, יודען בני רחמנים, קומט גיכער, האָט רחמנות, ס׳איז אַ סומע געלד זאָג איך, פרעמדס ניט מיינס, ראַטעוועט מיך!..." און מיר קומען צעלויפען אַלע דריי צום נגיד פון חאבנע, געהט ער אונז אקעגען מיט אַ מאָדנע שמייכעל און מאַכט צו מיינע צוויי שיינע יודען בזה הלשון: „וואָס זאָגט איהר אויף דעם שלאַק? דער יונגערמאַן האָט זיך איינגערעדט אַ לונג און לעבער אויף דער נאָז; ער זאָגט אַז ער האָט מ׳ר כמו ווי געגעבען געלד אַ גרויסע סומע אויף צו בעהאַלטען, און וויזט אָן אויף אייך, אַז איהר זענט דערביי געוועזען. וואָס זאָגט איהר אויף אַזאַ מין אָנשיקעניש?..—" מיינע ביידע עדות, די שיינע יודען מיט די שיינע בערד, שטעהען און קוקען אויפען נגיד, אויף מיר און איינס אויפ׳ס אנדערע. „וואָס שווייגט איהר? מאַכט צו זיי דער נגיד — האָט איהר געהערט אַזאַ מין בלבול?" „גאָט ברוך הוא זאָל שומר ומציל זיין!"— מאַכען מיינע צוויי עדות, די שעהנע יידען מיט די שעהנע בערד, און קוקען זיך איבער איינס מיט דאָס אנדערע. „ער זאָגט — מאַכט ווייטער צו זיי דער נגיד — אַז ס׳איז געוועזען מי יודע וואָס פאַר אַ סומע געלד, תרפ״ט אלפים, און אַז איהר האָט אַליין געזעהן ווי ער האָט דאָס מיר איבערגעגעבען איך זאָל דאָס בעהאַלטען ביי זיך ביז איבער שבת. ווי געפעלט דאָס אייך? איך האָב מורא צו דער יונגערמאַן איז חלילה ניט געריהרט?..."

„ניט אנדעריש אז... ער איז הלילה געריהרט".. רופען זיך אָפּ מיינעביידע עדות, קוקען אויפען גביר און איינס אויפ'ס אנדערע און גלעטען זיך די שעהנע בערד. איך וויל עפּיס זאָגען, שרייען, — קאָן איך ניט! עס האָט זיך מיר צו געקלעפּט די צונג צום גומען, געשטעלט זיך עפּיס פּאַפּעריק אין האלז ווי א ביין, פינסטער געוואָרען אין די אויגען... שטיל האָבען זיך מיינע צוויי שיינע יידען רב לייזער און רב יאָסי, ארויסגעריקט פון שטוב, עפּיס מאָדנע געקוקט אויפען גביר און איינס אויפ'ס אנדערע. זייערע פּנימער זענען געווען בלאס ווי די לבנה, נאר זיי האָבען געשיינט, און די אויגען האָבען ביי זיי גע־לויכטען, ווי ביי מענשען וואָס גאָט ברוך הוא האָט זיי צוגעשיקט אויף א פולער וואָך ניט קיין שלעכט געשעפטעל . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

הערט איהר? גאָט ווייסט וואָס מיט מיר וואָלט געווען, ווען דער האבנער גביר זאָל ניט געווען צו געהן צו מיר, ארויפלייגען מיר די האנד אויף די פּלייצים, עפּענען די שאפּע און א זאָג טהון צו מיר „יונגערמאן, עסט אייך ניט אָפּ דאָס הארץ, דאָ האָט איהר אייער געלד. איך האָב אייך ניט מעהר נור געוואָלט ווייזען, וואָס איז האבנע און ווער זענען איהרע שיינע יידען..."

פון דעמאָלט אָן פאָהר איך ניט קיין האבנע, און אז איך פאָהר קיין האבנע פיהר איך ניט מיט קיין געלד, און אז איך פיהר געלד האלט איך ניט שבת, און אז איך האלט שבת... ווייס איך שוין וואָס איך האָב צו טהון...

* *
*

און דער געלער יונגערמאן מיט די ווייסע ברעמען, אז ער האָט געענדיגט צו דערצעהלען די מעשה, האָט ער זיך אָפּגעריקט מיט'ן בענקעל א ביסעל אויף א זייט און האָט גענומען אריינקוקען אונז איטליכען באזונדער אין די אויגען ארייך צו זעהען, וואָס פאר א רושם זיין מעשה האָט אויף אונז געמאכט. מיר אלע זענען געבליעבען ווי פארשטומט. עס איז איבערגעריסען געוואָרען אונזער שמיעס, אָפּגעהאקט געוואָרען ווי מיט א האק־מעסער. נור איינער פון אונז (איך געדענק ניט ווער; דאכט מיר אז איך) האָט זיך איינגעשטעלט און האָט אפּרעג געטהון ביים געלען יונגענמאן מיט די ווייסע ברעמען:

— אקענגען וואָס הייסט דאָס האָט איהר אונז דערצעהלט די דאָזיגע מעשה?

— אקענגען וואָס? — מאכט ער ווי פארוואונדערט — וואָס הייסט אקענגען וואָס? אקענגען גאר ניט. ס'איז גלאט אזוי זיך אמעשה אין דער וועלט אריין. איך האָב מיך גראָד איצט דערמאנט, האָב איך אייך דערצעהלט.

---

שטיל אָהן ווערטער, און איינציגווייז איז די חברה אויפגעשטאנען פון די ערטער, זיך אָפּגעזעגענט און צעגאנגען זיך דער אהער, דער אהין. איך האָב בעטראכט דעם געלען יונגענמאן מיט די ווייסע ברעמען, גערעכענט אז איהם בעדארף זיין איצט עפּיס נישט אזוי גוט אויפען הארצען. צום סוף האָב איך א טעות געהאט, דאס פּנים האָט איהם געשיינט און די בעקלעך געפּלאמט: מע'האָט גלייך געקאָנט ארויסזעהען אז ער איז, אדרבה, געווען צו פריעדען, וואָס גאָט ברוך הוא האָט איהם געהאָלפען — ער האָט אויסגעבראכט א מעשה — „גלאט אזוי זיך, אין דער וועלט אריין".

# ווי אזוי זאלען מיר קאלאניזירען.

## I.[1]

### וועגען די אופנים פון דער ערד־אקערבוי ווירטשאפט.

אין דעם דאָזיגען מאמר וועלען מיר גענוי, דייטליך אַרום רעדען די פּראַגע, וועלכע פאָרם פון ערד־אַקערבוי ווירטשאַפט האלט מען פאר פערנונפטיגער אין עקאָ־נאמישער הינזיכט.

ס'איז געווען אַ צייט ווען אין דער מארקסיסטישער ליטעראַטור איז געווען זעהר פּאָפּולער די מיינונג אז די קליינע ערד־אַקערבוי ווירטשאַפט וועט גיך אונטערגעהן.

די אָרטאָדאָקסאלע מארקסיסטען האלטען נאך דערפון עד היום. זיי זאָגען: פונקט אזוי ווי אין דער אנדוסטריע מוזען די קליינע אונטערנעהמונגען אונטערגעהן איבער דער קאנקורענץ פון די גרויסע אונטערנעהמונגען — אזוי מוז אויך די קליינע ערדאקערבוי ווירטשאפט אונטערגעהן איבער דער קאָנקורענץ פון דער גרויסער, גוטסבעזיצער־ווירט־שאפט.

מ א ר ק ס האָט אין זיין „קאפיטאל" נבואה געזאָגט, אז עס קומט א גיכער סוף פאר די קליינע אונטערנעהמונגען אין ערדאקערבוי ווירטשאפט. מ א ר ק ס, וועלכער האָט אלע זיינע ערפארשונגען געמאכט אין ענגלאנד, האט טאקע מיט די אייגענע אויגען געזעהען דעם פראָצעס, לויט וועלכען עס ווערען פערשווינדען די פויערען פון דער לאנד ווירטשאפט. נור דער קלאס פון די ענגלישע פויערען איז פערשווינדען געוואָרען ניט דערפאר ווייל ער איז עקאָנאָמיש געווען שוואכער פון דעם קלאס פון גוטסבעזיצער און האָט איהם געמוזט אָפּטרעטען זיין פלאץ. ניין! אין ענגלאנד זענען די פויערן פער־שווינדען געוואָרען דערפאר, ווייל די ערדמאגנאטען, די לאָרדען, וועלכע זענען נאָך דעם געזעץ געווען די אויבערהארען איבער דער פויערישער ערד, האָבען פון דעם 14 טען יאהרהונדערט אָן מיט געוואלדטהאטען, מיט ערמה און שקרים דורכגעטריבען די פויערען

---

[1]) אין מיין „הקדמה" (זעה „יודישע צוקונפט" 3 № 1904) האָב איך בעוויזען ווי שאָדליך עס איז פאר פאלאָסטינאַ די קאַפּיטאַליסטישע קאָלאָניזאַציע און האָב אין קורצע ווערטער אָנגעצייכנעט אַ קאָלאָניזאַציאָנס־פּראָגראַם, וועלכעס גאַראַנטירט, נאָך מיין מיינונג, אַ גוטען ערפאָלג אונזער אַרבייט. אין V—VI ביכעל איז ערשינען אַ קריטיק פון מיין „הקדמה". מיין קריקיטער, .Z, וואָלט נאָך מיין מיינונג בעדאַרפט צו וואַרטען ביז עס וועלען אָפּגעדרוקט ווערען אַלע מיינע מאַמרים און דאַן פּאָלעמיזירען. איך וועל איהם ספּעציעל ניט ענטפערען. מיינע מאמרים, אין וועלכע איך וועל אויספיהרליך פערטיידיגען די געדאַנקען וועלכע איך האָב אַרויס געזאָגט אין דער „הקדמה", וועלען שוין ממילא זיין אַ תשובה אויף דעם אַרטיקעל פון .Z

פון זייער ערד. און ניט נור דוקא אין ענגלאנד, אומעטום, אין אלע לענדער, וואו די מאנ־נאטען האָט געלוינט פארהאפען ביי די פויערען די ערד און וואו די פּאָליטישע בע־דינגונגען האבען זיי צוגעשפיעלט, זענען די פויערען ארויס געשטיפט געווארען, אַזוי ווי אין ענגלאנד.

אין די נייע לענדער, ווי אמעריקא און אויסטראליע [1]) האבען די קאפיטאליסטען בענוצט זייער פּאָליטישע מאכט אויף צו פערכאפען די ערד און האָבען ניט צוגעלאָזט צו איהר ארעמע מענשען. מיט אזא אופן האבען זיי ניט דערלאזט דער קליינער אקער־בויווירטשאפט זיך ענטוויקלען.

אין די נייע לענדער זעהען מיר אויך מעהר קאפיטאליסטישע ווירטשאפטען איידער קליינע, ניט דערפאר ווייל די גרויס אקערבוי פראדוקציאן איז העכער אין עקא־נאמישער הינזיכט פון דער קליינער, נור דערפאר ווייל די קאפיטאליסטען האבען מאנא־פאליזירט די ערד.

מארקס' תלמידים האבען ערנסט פערטיידינט די נבואה פון זייער רבי׳ן מכה דעם ניכען אונטערגאנג פון די קליינע ווירטשאפטען אין ערד אקערבוי.

אט וואס אשטייגער דער געשטארבענער ליבקנעכט זאגט אין איינער פון זיינע אגיטאציאנסבראשורען: „די קליינע ערדאקערבוי פראדוקציאן קען ניט אויסשטעהן די קאנקורענץ מיט דער גוטסבעזיצער־פראדוקציאן און מוז איהר אפטרעטען דעם פלאץ, פונקט אזוי ווי די קליינע אונטערנעהמונג אין דער אינדוסטריע טרעט אפ דעם פלאץ דער גרויסער. איבער די קליינע ערדאקערבויווירטשאפטען שטעהט שוין דער מלאך־המות: מיט פאלליאטיווע מיטלען קען מען נור דערלענגערן די גסיסה. דער דאמפף־אקער (פאראווע פלוג) וועט מאכען אין דער לאנדווירטשאפט די זעלבע רעוואלוציע, וועלכע האט געמאכט די וועב־מאשין און די שפינען־מאשין אין דער אינדוסטריע".

אין יאהר 1899 האט דער פארשטעהר פון הייטיגע ארטאדאקסאלע מארקסיסטען אפ־געדרוקט זעהר א טאלענטפאלעס בוך, אין וועלכעם ער פערטיידיגט די מיינונג וועגען דעם ניכען סוף פון די קליינע ערדאקערבויווירטשאפטען.

ווי ווייניג זיינע אויספיהרונגען זענען געווען בעגרונדעט האבען שוין בעוויזען ניט נור די בורזשואזנע עקאנאמיסטען נור אפילו אסאך מארקסיסטען.

איך האב שוין געזאגט אין מיין הקדמה, אז די סטאטיסטיק און די וויסענשאפט־ליכע ערפארשונג האבען איבערציינט, אז אין ערדאקערבוי קומט פאר דער הפך פון דעם וואס עס קומט פאר אין דער אינדוסטריע. ביי ערדאקערבוי האט די קליינע ווירטשאפט אין זיך אזא מאכט, אז ניט נור זי ווערט ניט בטל פאר דער גרויסער, נור זי ענטוויקעלט זיך אין פיעלע הינזיכטען אויפ׳ן חשבון פון דער גוטסבעזיצער־ווירטשאפט.

נאך דער סטאטיסטיק פון׳ם פאריזער פראפעסאר זשיד (gied) איז די צאהל פון די ווירטשאפטען וואס האבען ווייניגער פון 10 העקטארען [2]) (דאס הייסט אלזא, קליינע אונטערנעהמונגען) אין דעם משך פון 1882 ביז 1892 יאהר גרעסער געווארען אויף 50,900 (דאס הייסט מעהר פון 1%). פארקעהרט אבער איז די צאהל פון די ווירט־שאפטען וואס האבען מעהר פון 10 העקטארען אין דער זעלבער צייט קלענער עווע

---

[1]) וועגען אַוסטראַליע זעה מיין מאמר אין VI—V ביכעל.

[2]) העקטאַר איז עטוואס ווייניגער פון אַ דעסיאַטינע.

אויף 2½ פראצענט. לויט נאך דעם צעהלונג פון 1895 אין דייטשלאנד, איז די צאהל פון דער ערד, וואס געהער די פויערען, וועלכע פערמאגען פון 2 ביז 20 העקטאר, גרעסער געווארען אויף 659259 העקטאר. אפילו אין ענגלאנד, אין דעם לאנד פון די אונגעהייער־גרויסע פערמעס פון גוטסבעזיצער, האט אויך אין דער לעצטער צייט אנגעהויבען וואקסען די צאהל פון די קליינע ווירטשאפטען. מיר בעמערקען ניט אצונד אין ערגעץ, זאגט Herz, די ענטוויקלונג פון גרויסער ערדאקע־בוי; מיר זעהען ניט אז די קליינע פויערשע ווירטשאפט זאל אונטערגעהן צוליעב דער קאנקורענץ פון דער קאפיטאליס־טישער". [1]

„ס׳בלייבט ניט דער קלענסטער ספק, זאגט אדוארד בערנשטיין, אז אין גאנץ מערב־איראפא, און אפילו אין די מזרח־שטאטען פון צפון־אמעריקא, אומעטום וואקסט אין ערדאקערבוי די קליינע און מיטעלע ווירטשאפטען און עס ווערט ווייניגער גרויסע".

דער פראפעסאר זערינג, וואס האט ספעציעל ערפארשט די אגראר־פראגע אין אמעריקא און האט אנגעשריעבען אגרויסען בוך [2] וועגען דער אמעריקאנישער ערד־אקערבוי, מיינט, אז ביי א אינטענסיווער קולטור האט די קליינע ווירטשאפט אסאך מעהר פארצוגע (מעלות) אלס די גרויסע.

דר. פראנץ אפענהיימער (שפעטער וועט אונז נאך אויסקומען שמיעסען מכח זיין טהעאריע פון די שענדליכע שותפות־חברות) אין זיין בעריהמטען בוך „זידלונג גע־נאסענשאפטען", אין וועלכען ער האט געזאמעלט א היבשען מאטעריאל מכח דער לעבענספעהיגקייט פון די קליינע לאנדווירטשאפטען, איז געקומען צום בעשלוס אז „עס איז ניטא קיין שום ספק, אז די קליינע פויערישע ווירטשאפט שטעהט אין עקא־נאמישער הינזיכט העכער פון דער גרויסער גוטסבעזיצער ווירטשאפט. קיינער פון די נייע שריפטשטעלערס, וואס האבען געשריעבען וועגען דער אגראר־פראגע לייקענט עס אפ".

„די גרויסע קאפיטאליסטישע פראדוקציאן אין לאנדווירטשאפט, זאגט פראקאפא־וויטש [3]) איז ניט נור ניט בכח ארויס צושטיפען די קליינע פויערשע ווירטשאפטען, אזוי ווי די פאבריק שטיפט ארויס די האנדווערקער, נור פונקט פערקעהרט, אין פיעל ערטער ענטוויקעלט זיך די פויערישע ווירטשאפט אויפ׳ן חשבון פון דער גוטסבעזיטצער ווירטשאפט. דאס וואס מארקס און ענגעלס טענה׳ען פארקעהרט איז דערפאר, ווייל זיי האבען זיך גאר אין גאנצען ניט אומגעקוקט אויף די בעזאנדערע, אייגענטהימליכע בעדינגונגען פון דער לאנדווירטשאפט". די שענסטע פערטיידיגונג פון דער קליינער לאנדווירטשאפט האט ניט לאנג געגעבען Dawid אין זיין בוך

„Landwirtschaft und Socialismus"

(לאַנדווירטשאַפט און סאָציאַליזם.)

מיר ווילען דאָ אויספירליך אנאליזירען די אורזאַכען, צוליעב וועלכע דאָס געזעץ, וועגען דעם אונטערגאַנג פון די קליינע אונטערנעהמונגען איבער דער קאָנקו־רענץ פון די קאַפּיטאַליסטישע, האָט ניט קיין שום מאַכט אין לאַנדווירטשאַפט.

---

[1]) Herz Agrarfrage und Sozialismus. 5. 9.

[2]) Sering. Die landwirtsch. Konkurenz von Nordamerika.

[3]) *Прокоповичъ. Къ аграрному вопросу.*

די פֿאַבריק איז אין עֶקאָנאָמישעֶר הינזיכט שטאַרקעֶר פֿון דעֶם האַנדוועֶרקעֶר, וויל עֶרשטעֶנס בעֶנוצט זי ביי דעֶר פּראָדוקציאָן דאָס פּרינציפּ פֿון אַרבייט־צעֶרטיילונג, צווייטעֶנס, אַרבייט זי מיט מאַשינעֶן, דאָס הייסט, וועֶלוועֶלעֶר, און עֶנדליך דעֶרפֿאַר וויל זי קויפֿט די רויעֶ פּראָדוקטעֶן און זי פֿאַרקויפֿט איהר סחורה אַסאַך בעֶסעֶר איידעֶר די קליינעֶ אונטעֶרנעֶהמונג.

אָט די אַלעֶ מעלות פֿון דעֶר אינדוסטריעֶלעֶר אונטעֶרנעֶהמונג, מיינעֶן די אַדוואָקאַטעֶן פֿון דעֶר קאַפּיטאַליסטישעֶר לאַנדווירטשאַפֿט, געֶהעֶן אויך אָן ביי דעֶר גוטסבעֶזיצעֶרווירטשאַפֿט. אין אמת'ן אָבעֶר איז ניט אַזוי: ניט די אַרבייט־צעֶרטהיילונג ניט די מאַשינעֶס שפּיעֶלעֶן אַ גרויסעֶ ראָלעֶ ביי אַקעֶרבוי. יעֶדעֶר ווייסט גאַנץ גוט ווי וויט ס'דעֶרלאַנגט די ספּעֶציאַליטעֶט פֿון אַרבייט ביים פֿאַבריק אַרבייטעֶר. דעֶר אַרבייטעֶר אין פֿאַבריק טהוט אַלעֶ זיינעֶ יאָהרעֶן די זעֶלבעֶ, שטרעֶנג בעֶשטימטעֶ אַרבייט, וועֶלכעֶ איז נור אַקליינער חלק פֿון דעֶר גאַנצעֶר, אַלגעֶמיינעֶר אַרבייט, עֶר איז נור אַשטאַפּל אין אַגרויסעֶר ראָד. דעֶר לאַנד אַרבייטעֶר אָבעֶר, ווי Dawid זאָגט גאַנץ גליך, איז אַ אוניווערסאַלעֶר אַרבייטעֶר.

דעֶר עֶרדאַרבייטעֶר טהוט פֿעֶרשיעֶדעֶנעֶ אַרבייט: עֶר מיסטיגט דאָס פֿעֶלד, אַקעֶרט, זייט, מלויצעֶט, קאָסעֶט, שניידט, לעֶגט אָן אויפֿ'ן וואָגעֶן, היינט איז עֶר פֿעֶרנומעֶן אין פֿעֶלד, מאָרגעֶן אין גאָרטעֶן, אין שטאַל א. ז. וו. מיט איין וואָרט, דעֶר שכל זיינעֶר דאַרף זיך ניט תמיד קאָנצעֶנטרירעֶן אַרום איין און איינציגעֶר אַרבייט. אַ ד אַ ם ס מ י ט האָט נאָך געֶזאָגט, אַז „די אַקערבוי נאָך איהר נאַטור נאָך, דערלאָזט ניט, ניט אַזאַ צעֶרטהיילונג פֿון דעֶר אַרבייט, ווי די אינדוסטריעֶ, ניט אַזאַ אָפּבעֶזונדערונג פֿין יעֶדעֶר בעֶזונדעֶרעֶר טהעֶטיגקייט" [1]).

וואָס אַנגעֶהעֶרט די מאַשינעֶס, איז, עֶרשטעֶנס, שפּיעֶלעֶן זיי ביי אַקעֶרבוי אַסאַך קלעֶנעֶרעֶ ראָלעֶ ווי אין דעֶר אינדוסטריעֶ [2]), צווייטעֶנס, איז דעֶר רוב פֿון די אַקעֶרבוי מאַשינעֶס גאַנץ איינפֿאַך און ביליג אַז דעֶר פּויעֶר קאָן זיך זיי פֿעֶרשאַפֿעֶן. ווער שמועֶסט, אַז עֶס איז צווישעֶן די פּויעֶרעֶן פֿאַראַן קאָאָפּעֶראַציעֶס, פֿון וועֶלכעֶ מיר וועֶלעֶן נאָך שמועֶסעֶן אין פֿאָלגעֶנדעֶ מאמרים, דאָרט קעֶנעֶן די פּויערעֶן בעֶנוצעֶ אפילו גרויסעֶ טייעֶרעֶ מאַשינעֶס.

מיר ברעֶנגעֶן דאָ Dawid's מיינינג וועֶגעֶן די וויכטיגקייט פֿון מאַשינעֶס אין דעֶר לאַנדווירטשאַפֿט. צוליעב דעֶם, זאָגט Dawid, וואָס די לאַנדווירטשאַפֿט פּראָדוקציאָן האָט אין זיך די טבע, אַז זי איז פֿאַרבונדעֶן מיט פּראָצעֶסעֶן, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן אַבהעֶנגיג אי פֿון די אויסעֶרעֶ, אי פֿין די אינעֶרעֶ בעֶדינגונגעֶן פֿון'ם אָרגאַנישעֶן לעבען, האָט די מאַשינאַרבייט גאָר אַקליינעֶ ווערט ביי אַקעֶרבוי. דעֶר לאַנדווירטשאַפֿט בעֶטריעב, וועֶלכעֶר בעֶנוצט אַלעֶ נייעֶסטעֶ מאַשינעֶס, איז ניט אין דעֶר זעלבעֶר מאָס דעֶכעֶר פֿון'ם בעֶטריעב אָהן מאַשינעֶס. ווי די קאַפּיטאַליסטישעֶ אינדוסטריעֶ־אונטעֶרנעֶהמונג אין פֿעֶרגלייך מיט דעֶר אונטעֶרנעֶהמונג אָהן מאַשינעֶן. דעֶר מעהרסטעֶ טייל פֿון די אַקעֶרבוי מאַשינעֶס מאַכט ניט קלעֶנעֶר די פּראָדוקציאָנסקאָסטען. די גוטסבעֶ־

---

[1]) *„Богатство народовъ“ стр. 100*

[2]) וואָס מעהר אינטענסיוו די קולטור איז מעהר פֿאָדערט זי האַנדאַרבייט און דעסטאָ ווייניגער בענוצט מען מאשינעס.

זיצער מוזען זיי אָפּט בענוצען ווייל ס'פּעהלט אויס ארבייטער. האנדארבייט איז פּיעל בילינגער און פּראָדוקטיווער איידער אזוינע מאשינעס.

דער רוב פון די אקערבוי מאשינעס זענען קליינע ווערקציינגע, וועלכע אפילו די קליינע גרונדבעזיצער קענען לייכט בעקומען. —

גרויסע לאַנדווירטשאַפּטליכע מאשינעס בענוצט מען נור א קורצע צייט אין יאָהר; און טאקי דערום קענען די פּויערען אויך בענוצען זיי אויף שותפות.[1]

דער גרויסער אונטערנעהמער פּארנעהמט אויפ'ן וועלט מארק אגאנץ בעסערן פּלאַץ, איידער דער קליינער, הן ווען ער קויפט רויע פּראָדוקטען, הן ווען ער פאַר־קויפט זיין סחורה.

דערמיט איז דער פאַבריקאַנט א יחסן אקעגען דעם האנדווערקער. מען קען ניט אַפּלייקענען, אז דער גוטסבעזיצער שטעהט אויך פעסטער אויפ'ן מארק איידער דער איינצעלנער פּויער. דער פּויער אָבער, וועלכער איז א מיטגליעד פון א שותפות־חברה אויף צוקויפען רויע פּראָדוקטען און פארקויפען אויסגעארבייטע פּראָדוקטען, שטעהט אויף דעם מארק ניט ערגער ווי דער גוטסבעזיצער.

אחוץ דעם איז דעם פּויערס־ווירטשאַפט גאַנץ וועניג אָבהענגיג פון'ם מארק, ווי מיר וועלען עס ווייטער בעווייזען.

היוצא מזה, אז די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט ביי אַקערבוי האָט זיך ניט מיט וואָס צו באַריהמען אַקעגען דער קליינער, פּויערשער ווירטשאַפט. פאַרקעהרט, די פּויערשע ווירטשאַפט שטעהט אין אַסאַך הינזיכטען העכער פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער.

ווי מיר ווייסען שוין, האָט די מאַשין אין דער לאַנדווירטשאַפט אַקליינעם ווערט, דער עיקר איז דאָרט האַנד־אַרבייט. וואָס מעהר אינטענסיוו עס פיהרט זיך די ווירטשאַפט, פאָדערט זי מעהר א העכערען גראַד פון אַרבייט, א קלוגערען, פערנונפ־טינערען, ענערגישערען אַרבייטער.

די אַרבייט פון דעם פּויער־גרונדבעזיצער שטעהט אַסאַך העכער פון דער אַרבייט פון דעם לוין אַרבייטער. דערום זעהען מיר אַז די קליינע גרונדבעזיצער פיה־ען תמיד אַ אינטענסיווע ווירטשאַפט, און להפך די גוטסבעזיצער פיהרען מעהרסטענטייל אַ עקסטענסיווע, די מערב־איירָאָפּעאישע גוטסבעזיצער, ווי עס איז בעקאַנט, ליידען שטאַרק פון דער קאָנקורענץ פון די ערד־אַרביטער פון אַמעריקא און מזרח־איירָאָפּא.

די אורזאכע ליענט דאַרין, וואָס די ערד־ארבייטער אין אמעריקא, וואו די ערד איז זעהר פרוכטבאהר און בילינ, און אין מזרח־אירָאָפּא, וואו דער ארבייטסלוין איז זעהר נידריג, זענען אימשטאַנד צו פערקויפען אויף מערב־איירָאָפּעישע מארקען די תבואה אסאך בילינער ווי די הידיגע, אָרטיגע ערד־ארבייטער. די מערב־איירָאָפּעאישע יונקערס (אדעל), וועלכע פּראָדוצירען מערסטענטייל ברויט, וואָלטען שוין לאַנג ארויס בשן ועין, ווען די רעגיערונגען זאָלען זיי ניט אינטערהאלטען מיט אָבצאהלונגען. נור די לעצטע וועלען זיי אויך ניט עביג ביישטעהן אין דער נויט. אַ סאך עקאָנאָמיסטען זאָגען שוין אצונד אז די קאפּיטאליסטישע לאַנדווירטשאַפט אין מערב־איראָפּא וועט אין גיכען אונטערגעהן.[2]

---

[1]) Dawid. Landwirtschaft und Sozialismus B. LI. S. 250.

[2]) „די גרויסע לאַנדווירטשאַפט האָט ניט קיין שום צוקונפט" זאָגט דער בעריהמטער דייטשער געלעהרטער Courad.

די איינציגע רפואה פאר דער מערב-אייראפעאישער לאנדווירטשאפט באשטעהט אין דעם — אז מען זאל אויפהערען פראדוצירען ברויט און זיך נעהמען צו אינטענ־סיווע ווירטשאפט, דאס הייסט, פראדוצירען פראדוקטען וועלכע האבען ניט קיין מורא פאר דער אויסלענדישער קאנקורענץ. די פויערען פון מערב-איראפא האבען טאקע אזוי געטהון.

אויף וויפיעל ס'איז קליין דאס פראדוצירען פון ברויט ביי די פויערן קען מען ארויסזעהען פון די ציפערן פונ'ם ברויטפערקויף ביי די באדענער גרונדבעזיצער (באדען איז אלאנד פון קליינע גרונדבעזיצער). די ציפערן האב איך ארויסגענומען פון דער מאנאגראפיע פונ'ם דאקטאר Hecht: „די אקערבוי אין באדען, אין 19 יאהרהונדערט": פון 54709 פויערן, וועלכע פראדוצירען ברויט. אין באדען, פארקויפט קיינער ניט מעהר פון 100 צענטנער איאהר, 84 פראצענט פארקויפען וועניגער פון 50 צענטנער, א העלפט פון אלע באדענער פויערן פארקויפען וועניגער פון 20 צענטנער; אין גאנץ באדען איז פאראן סך הכל 83 גרונדבעזיצער, וועלכע פארקויפען צו 500 צענטנער ברויט איאהר און 31 צו 1000 צענטנער.

אין גאנץ שווארצוואלד פארקויפען די פויערן (56,000 פאמיליעס) נור 90,000 צענטנער יאהרליך.

דאניע (אויך אלאנד פון קליינע גרונדבעזיצער), וועלכע האט מיט אפאר צעהנדליג יאהר צוריק פראדוצירט און עקספארטירט נור ברויט, האט איבער דער אויסלענדישער קאנקורענץ אוועקגעווארפען דאס פראדוצירען פון ברויט און האט זיך גענומען צו אינטענסיווע קולטור.

די דאנישע פויערן קויפען אצונד אליין בילינגעס ברויט און עקספארטירען פלייש, בוטער, אייער, שמאלץ. די דאנישע פויערן, פארשטעהט זיך, דארפען ניט קיין אבצאהלונגען, ווייל פאר זיי זענען די וואלוועלע פרייזען אויף ברויט זאגאר פון נוצען. איז דאך אקשיה, פארוואס זאלען די גרויסע גרונדבעזיצער אויך ניט טהון דאס זעלבע, פארוואס זאלען זיי זיך ניט נעהמען צו אינטענסיווע ווירטשאפט, אזוי ווי די פויערען אין דאניען, דרום-דייטשלאנד א. ז. וו.? גאנץ איינפאך! ווייל די אינטענסיווע ווירטשאפט און דער גרויסער קאפיטאליסטישער גרונדבעזיץ זענען ווייט איינס פון דעם אנדערן, אזוי ווי מזרח און מערב.

ביי אינטענסיווער ווירטשאפט, ווי מיר האבען שוין ערקלערט, דארף מען האבען ארבייטער פון זעהר אהויכען גראד. און דערום טויגען ניט די לוינארבייטער ביים גוטסבעזיצער פאר אינטענסיווע קולטור.

די אינטענסיווע קולטור פאדערט פון דעם ארבייטער רירעוודיגקייט, גרויסען פארשטאנד. בעוואוסטע פראקטישע און טהעארעטישע קענטניסע און דער עיקר, געטריי־שאפט, ער זאל זיין איבערגעגעבען צו דער זאך. נור דאס גראדע איז זעהר שווער צו קריגען, ווייל די לוין-לאנדארבייטער נעהמט מען מערסטענטייל פון די ווייניגער־ענטוויקעלטע עלעמענטען פונ'ם דארף, וועלכע שטעהען זעהר נידריג אין אינטעלעק־טועלער הינזיכט.

די בעסערע, מעהר־ענטוויקעלטע עלעמענטען, ווען זיי האבען נאך אהאפנונג ווערען אליין זעלבסטשטענדיגע בעלי בתים, געהן אין שטאדט, וואו דער ארבייטסלוין איז העכער, וואו מען באגעהט זיך מיט זיי מעהר מענשליך און וואו דאס לעבען איז

אַנגענָעהמער. דער לוין ארבייטער ביים גוטסבעזיצער ארבייט פויל, מאכט אָפּט א תל פון די מאשינעס, באנעהט זיך שלעכט מיט דעם פיה, ווייל די ארבייט אינטערעסירט איהם ניט; ער ווייסט אז ער ארבייט פון יענעס'ס וועגען. אין א אינדוסטריע־אונטער־נעהמונג קען דער בעל־הבית לייכט אכטונג געבען אויף די ארבייטער, ווייל זיי ארבייטען אלע צוזאמען. ביי אקערבוי אבער איז די השגחה אויף די ארבייטער זעהר שווער, ווייל זיי זענען צוואָרפען אין פארשידענע ערטער. דערום איז טאקע קיין חדוש ניט, וואס די גוטסבעזיצער קלאגען זיך תמיד אויף זייערע ארבייטער.

הכלל, די אינטענסיווע ווירטשאפט איז ביי דער האנד נור דעם קליינעם גוטס־בעזיצער, וועלכער ארבייט מעהרסטענטיילס אליין אדער מיט זיין פאמיליע. פון דער מיינונג האבען נאך געהאלטען די אלע עקאנאמיסטען, ווי למשל, טינען און ראשער [1]

דער פראפעסאר זערינג ווייזט אן דערויף, אז וואס אינטענסיווער די קולטור איז, זענען די ווירטשאפטען קלענער, און פארקעהרט.

אין קאליפארניען, דערצעהלט דער פראפעסאר Sering, האט די קולטור פון אראנצען, לימענעס, וויינטרויבען, אנאנאסען ארויסגעשטיפט דאס פראדוצירען פון ברויט. דער דאזיגער שנוי אין דער פראדוקציאן האט ארויס־געריסען דאס שפאלטען פון גרויסע פערמעס אויף עטליכע קליינע ווירטשאפטען. די קולטור פון די אנגערופענע פראדוקטען פאדערט פון דעם ארבייטער מעהר געטריישאפט און איבערגעגעבענהייט צו זיין ארבייט. נור די דאזיגע מעלות קאן נור האבען דער גרונדבעזיצער,

אלע גרויסע ווירטשאפטען וועלכע האבען אנגעהויבען פראדוצירען וויינטרויבען, לימענעס א. ז. וו. זענען בדל־הדל געוואָרען.

אין דאניען וואס מעהר מען האט זיך גענומען צו אינטענסיווע קולטורען זענען קלענער געוואָרען די ווירטשאפטען. א שטח ערד, פון וועלכען ס'האט געלעבט פריהער איין פאמיליע, איז אצונד מפרנס עטליכע. פון דעם אייגענעם שטח ערד בעקומט דער קלענסטער בויער 30 מאל מעהר פראדוקטען, ווי דער גרעסטער גרונד־בעזיצער.

נאך איין מעלה, און זעהר אוויכטיגע, האט דער פויער יא, און דער גוטסבעזיצער ניט... דער פויער פראדוצירט פאר זיין געברויך, דער גוטסבעזיצער אבער — נור פארן מארק. דאס פאלען און שטייגען פון די מקחים קענען אוועק'הרג'נען דעם גוטסבעזיצער און ריהרען גאר ווייניג אן דעם פויער.

„די ווירטשאפט ביים פויער גיט איהם, זאגט א פענהיימער, א דירה, עסע און אפט נאך, וואל, א. ז. וו. דער גוטס בעזיצער אבער וואהנט גאנץ אפט גאר ניט אין זיין גוט. אלעס וואס עס ווערט דארט פראדוצירט שיקט מען ארויס אויפ'ן מארק. דער

---

[1]) Z. אין זיין פאלעמיק געגען מיר ווייזט אן דערויף, וואס אין קאסטיניע, אקאלאניע פון קליינע גרונדבעזיצער, איז אנגענומען דאס עקסטענסיווע סיסטעם, און אין „ראשון לציון"'ן אקאלאניע מיט אסאך מיטעלע און גרויסע גרונד בעזיצער, האלט מען פון דער אינטענסיווער סיסטעם. דערויף איז דא א תרוץ: אין קאסטיניען פראדוצירען די קאלאניסטען ברויט ווייל דער אדעסער קאמיטעט וויל אזוי; וואס אנבעלאנגט צו דער אינטענסיווער ווירטשאפט אין „ראשון" וואלט זי אודאי געווען אסאך אינטענסיווער און פארדיענסטליכער, ווען די ראשון'ער קאלאניסטען זאלען זיין קליינע גרונדבעזיצער און זאלען במחילה אליין ארבייטען. אויף וויפיעל עס געהען גוט די געשעפטען ביי די זכרון'נער, ראשון'ער א. ז. וו. „גוטסבעזיצער" קען מען ניט וויסען, ווייל די דאזיגע ווירטשאפטען פיהרט מען אויפ'ן באראנס און יקא"ס חשבון.

מארקשפיעל ריהרט אָן דעם פויער אין ערנסטען פאל אין לוקסוס־זאכען. דעם גוטס־בעזיצער אָבער געהט עס אין גאָר.

אפילו ביים פערקויפען שטעהט דער פויער אין א בעסערער לאַגע ווי דער גוטס־בעזיצער. די ווירטשאפט פון'ם פויער איז אפערשיעדענע; ער טראָגט ארויס אויפ'ן מארק דאָס פראָדוקט אויף וועלכען ס'שטעהט דער בעסערער מקח און די איבריגע ברויכט ער אליין. דער גוטסבעזיצער אָבער קאָן ניט איין פראָדוקט פארקויפען און דאס אנדערע איבערלאָזען פאר זיך: ער מוז אלעס פארקויפען. „אויב דער גרויסער גרונדבעזיצער אין אמעריקא, זאָגט דער פראָפעסאָר Sering אין זיין בוך, פון וועלכען מיר האָבען שוין עטליכע מאָל דאָ גערעדט, פארדיענט אמאָל פיעל, ריזיקירט ער דאָך אָפט זיין גאַנץ פערמעגען און קען בדל־הדל ווערען. דער פויער אָבער וועלכער פארמאָגט זיינע 8‑10 דעסיאטינס ערד און פראָדוצירט פרוכטען, ברויט, קארטאָפעל, גרינס, מילך, בוטער, אייער א. ז. וו. ליידט וויינינגער פון די שווענקונגען אויפ'ן מארק אָדער פון ניט אנגראָטען יאָהר".

איך האָב אָפגעגעבען אזוי פיעל פלאטץ אויף צו פערטיידיגען די קליינע ווירט־שאפט, ווייל אין ציוניסטישען לאגער, בעזאָנדערס ביי אונזערע „פראקטיקער" (ווי איך האָב מיך איבערציינט פון מיינע פריוואטע אונטערהאלטונגען מיט פיעלע פון זיי) איז זעהר פאָפולאֶר די מיינונג, אז דער העכסטער אידעאל פון אונזערע קאָלאָניזאציע דארף זיין די קאפיטאליסטישע אקערבוי.

פון דיעזעם אבערגלויבען דארפען מיר זיך איינמאָל פאר אלע מאָל אָבזאָגען.

מיר דארפעז שטרעבען דערצו, אז מיר זאָלען שאפען אין פאלעסטינא אקלאס פון קליינע פויערן, וועלכע זאָלען זיין אָרגאניזירט אין פערשיעדענע שותפות חברות. פאר איינינגע צווייגען פון דער אקערבוי האָבען א זין די שותפות־חברות וועלכע עס פערטיידיגט פראנץ אָפּענהיימער.

אויספיהרליך וועגען דעם שותפות־פרינציפּ אין אונזער קאָלאָניזאציע וועל איך רעדען אין דעם אנדערן מאמר.

נחום מירקין.

# יודישע חראָניק.

די לעצטע געשעהענישען. די לאַגע פון די יודען אין רוסלאַנד. — די אָדעסער חברה מפיצי השכלה. דאָס יודישע טהעאַטער.— די אסיפה פון דעם גרויסען אַקציאָנס קאָמיטעט. — צוויי קאָנגרעסען. די ווילנער אַסיפה. — „קרבנות פאַר דעם פאָלק". אַ נייע פּאַנשטשינא. — די אַרבייט אין פאַלעסטינא.

לאָזען זיך אונזערע „טהעארעטיקער" מפלפל זיין וועגען דער פראַגע: צו דאַרפען מיר זיך בעטייליגען אין דעם פאליטישען לעבען פון די פעלקער, צווישען וועלכע מיר וואָהנען, און צו דאַרפען מיר פאָרדערן די בירגער רעכטע אין דעם לאַנד, וואו מיר וואָהנען, — אונזער זאַך איז ניט מפלפל צו זיין זיך, נור צו צוהערען זיך צום יודישען דפק. דאָס לעבען איז שטאַרקער פון אַלע פלפולים, און וויפיעל „טהעאָריען" מיר זאָלען ניט אויפשטעלען, בכדי צו בעווייזען, אַז מיר זענען ניט פעראינטערעסירט אין דעם אַרומעדיגען לעבען, קומט דער האָמלער פראָצעס, קומען הונדערטער אַנדערע פאַקטען און שמייסען אונז מיט דעם אמת אין פנים און שרייען: „אייערע טהעאָריען זענען פאַלש!" דיעזעם אמת פיהלט דער יודישער המון זעהר גוט, חאָטש נור אַ קליינער טייל פון איהם פערהאַלט זיך בעוואוסט צו דיעזעם געפיהל, און דערפאַר האָט די לעצטע צייט אַזוי שטאַרק געקלאַפט דאס יודישע האַרץ, און מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט האָבען מיר זיך צוגעהערט צו די קליינינקע ידיעות וואָס זענען געקומען פון די ערטער, וואו עס האָט גערעשט... דאָס איז קיין פראָסטע נייגיער געווען — דאָס איז געווען אַ פעסטעס געפיהל — ווען אויך ניט ביי יעדען בעוואוסט — אַז מיט די געשעהענישען פון „דאָרט" איז אויך אין אַ געוויסער מדרגה אָבהענגיג אונזער גורל.

אויף די „פריהלינגס" עפּאָכע, דעם קאַמפף געגען דער „ביוראָקראַטיע" און די ווייטערדיגע געשעהענישען האָט מען אין דער יודישער גאַס ניט געקוקט ווי נור אויף פרעמדע האָפנונגען, אין אַ געוויסען גראַד האָט מאַן דאָס אַלץ אויך אין דער יודישער גאַס דורכגעלעבט, חאָטש זעהר פיעלע האָבען מורא דאָס אָפען אַרויסצוזאָגען: דאס פיהרט צו דער אַסימילאַציע, מיינען זיי און זעהען ניט, אַז דאָס איז די וועקונג פון דעם פרייהייטס געפיהל, וואָס פיהרט צום ציוניזם. לעבען ווייטער אין די זעלבע בעדינגונגען, אונטער וועלכע מיר האָבען ביז איצט געלעבט, הייסט עקאָנאָמיש און גייסטיג געהן צו גרונד, צו קאַליעטשען זיך קערפערליך און אָנצוּווערען דעם צלם אלהים. און אַ נייעס לעבען איז אבהענגיג פון דעם אַרומעדיגען לעבען: דער האָמלער פראָצעס איז קיין יודישער פראָצעס, ער איז דער פראָצעס פון דער רוסישער יוסטיץ, אַזוי שרייט מיט רעכט די גאַנצע רוסישע פראָגרעסיווע פרעסע, דער גאַנצער פראָצעס פון דעם בעשולדיגונגס אַקט ביז דעם אַרויסטרייבען פון סאקאלאווען, צוזאַמען מיט די רעדעס פון די פראקוראָרען און דעם פסק-דין, איז דער פראָצעס פון דער רוסישער יוסטיץ—דאָס אַלעס בעווייזט, וואָס פון דעם רוסישען סוד איז געוואָרען; ניט נור יודען ליידען פון די בעדינגונגען, וואָס האָבען געמאַכט דעם האָמלער פראָצעס מעגליך. דאָס אַלץ איז אמת, נור אמת איז אָבער אויך, אַז מיר יודען ליידען מעהר פון אַלע אונטער דיעזע בעדינגונגען, מיר זענען תמיד דער שעיר לעזאזל— און דאָס פיהלען מיר ניט נור אין אַזוינע אויסערערדענטליכע פראָצעסען, ווי קעשיניעוו און האָמעל, נור מיר פיהלען עס אויך טאג טעגליך אין „קלייניגקייטען", וואָס קיינער שטעלט זיך אויף זיי ניט אָב. לייענט די רוסישע און די יודישע

ציימונגען, וועט איהר געפינען טויזענדער אַזוינע פאַקטען, ווי צ. ב. אין פּראָסקוראָוו האָבען צוויי קריסטען געמאַכט אַ בלבול אויף אַ יודען, אַז ער האָט אָבגעקויפט אַ גנבה, און כדי איהם אויסצופאָרשען האָט דער נאַדזיראַטעל איהם איינגעלאַדען צו זיך, און אויף זיין בעפעהל האָבען צוויי סאָלדאַטען איהם אַזוי לאַנג געשמיעסען, ביז דער יוד איז בעוואוסטלאָז געבליעבען און אַז מען האָט איהם נאָך אַ האַלבער שעה אויפגעמונטערט און ער האָט דאָך ניט געקאָנט מודה זיין אויף דעם, וואָס ער האָט ניט געטהון, האָט מען איהם ווייטער געשמיעסען ביז מען האָט איהם אַ קראַנקען אויף אַ וואָגען אָבגעפיהרט אַהיים (וואָסחאָד נו׳ 3); אין מוהילעוו האָפּט מאַן יודען, וועלכע מען איז חושד, אַז זיי זענען דעמאָקראַטען, אין מיטען דער גאַס, מע פערשלעפט זיי אין פּאַזשאַרני הויף אַריין און דאָרט שלאָגט מאַן זיי אַזוי לאַנג ביז מע פיהרט זיי פון דאָרט אַוועג האַלב טויטע; אין דווינסק פאַלט מאַן אָן אויף אַ 13 יעהריגעס יודישעס מיידעל דערפאַר וואָס איינעם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זי האָט געהאַלטען אַ פּראָקלאַמאַציע, און מע מוטשעט זי און איהר מוטער אַזוי לאַנג, ביז זיי ווערען ביידע קראַנק („נאַשא זשיזן") א. ז. וו. א. ז. וו. ווען מיר הערען נאָך דעם אַלעם ווי אונזערע בעלי-עצות זענען זיך מפלפל, צו דאַרפען מיר בירגער רעכט, צו מוזען מיר זיך בעטייליגען אין דעם פּאָליטישען לעבען פון די אַרומעדיגע פעלקער, דאַכט זיך אונז אויס, גלייך ווי מיר וואָלטען דערהערט אַ שטימע פון דעם קבר — דא, אויף דער וועלט, אין מיטען דעם לעבען איז פאַר אַזא מין פּלפול קיין פּלאַץ ניט דאָ! דאָ פאָדערט דאָס לעבען רעכטע! און יודישע רעכטע זענען נור דאָרט מעגליך, וואו עס איז איבערהויפּט דאָ רעכטע.

„ביז וואַנען עס וועלען ניט רעפאָרמירט ווערען די געזעצען פון דעם לאַנד, אין וועלכען מיר וואָהנען — און אין דעם אויספיהרען פון דיעזע רעפאָרמעס מוזען מיר זיך בעטייליגען,— ביז וואַנען מיר וועלען דאָרט קיין רעכטע בעקומען", האָט ד. סאַקער געזאָגט אויף דער אסיפה פון דער אָדעסער חברה מפיצי השכלה, „וועט אונז קיין שום חברה ניט העלפען". דיעזע ווערטער זענען ניט געזאָגט געוואָרען כדי צו פערטיידיגען דעם פערפוילטען קאָמיטעט פון דער פערפוילטער אָדעסער חברה, זיי האָבען געהאַט א אַלגעמיינעם תאראַקטער, און דערפאַר האָבען זיי אַרויסגערופען די אַלגעמיינע אפּלאָדיסמענטען.

אָדעס איז אַ „עיר ואם בישראל" זי האָט כמעט 150 טויזענד איינוואָהנער; אָדעס איז „אויף דער וועלט" בעקאַנט ווי אַ השכלה שטאָדט, אָדעס ריהמט זיך מיט איהרע „מוסדי צדקה" און אין דער ווירקליכקייט וועט איהר זעלטען געפינען אַ יודישע שטאָדט, וואו די פערפוילטעסטע בורזשואַזיע זאָל אַזוי פיהרען די גאַנצע שטאָדט ווי אין אָדעס: די אָדעסער „קרעפּסיאָדע" איז איבעראַל בעקאַנט, דער אָדעסער „טרוד", מיט וועלכען מע האָט זיך אַמאָל אַזויפיעל געריהמט, האָט זיך די לעצטע צייט אויסגעצייכענט דורך זיין מנהל, דעם בעקאַנטען האָפמאַן, און ועל כלם שיינט די אָדעסער חברה „מפיצי השכלה".

אַ לאַנגע צייט האָט זיך די חברה געלעבט בשלום ושלוה: דער קאָמיטעט איז בעשטאַנען פון עטליכע „מעצענאַטען", וואָס פלעגען גאָר ניט טהון, און די חברה איז בעשטאַנען פון פערשיעדענע בעלי-צדקה, וואָס האָבען תמיד געגעבען געלד אויף „קראַסנע קרעסט", אויף פערשיעדענע „יאָלקעס" און אויך עטליכע רובל אַ יאָהר אויף דער פערשפּרייטונג פון השכלה צווישען יודען. איין מאָל אין יאָהר האָבען זיך עטליכע מענשען פון דיעזע „בעלי צדקה" צונויפגעזאַמעלט, געשמיעסט פון פּאָליטיק פון דער בירזשע, פון שטאָדט רכילות און נעבענביי אויך אויסגעהערט דעם דו"ח פון דעם קאָמיטעט, געדאַנקט איהם פאַר זיין „שווערע אַרבייט", אויסגעקליעבען איהם נאָך אַ מאָהל אָדער, ווען איינער פון די קאָמיטעטשיקעס איז געשטאָרבען, האָט מאַן אויסגעקליבען אַ נייעם אויף זיין אָרט און צופריעדען מיט זייער „עבודת הכלל" זענען זיי זיך צוגאַנגען אַהיים. אַזוי איז דאָס זיך געגאַנגען פון יאָהר צו יאָהר. די חברה איז תמיד צופריעדען געווען מיט דעם קאָמיטעט און דער קאָמיטעט מיט דער חברה. אין מיטען האָט אָבער אָנגעהויבען צו בלאָזען אַ נייער ווינד אין דעם יודישען וועלטיל, און ער האָט זיך אויך אַריינגעחאַפּט אין דער אָדעסער חברה „מפיצי השכלה". עס זענען געקומען נייע מענשען, פאַר וועלכע „השכלה" איז ניט קיין פוסט וואָרט און אויך ניט נור אַ שיין וואָרט, וועלכע פערשטעהן, אַז בילדונג איז מאַכט; און ווען מיר ווילען דעם פאָלק געבען מאַכט, מוזען מיר איהם געבען בילדונג. זיי האָבען אויך פערשטאַנען, אַז בילדונג מוז האָבען אַ געוויסען אינהאַלט, און מיט

דעם, וואָס דאָס פֿאָלק וועט קאָנען לעזען רוסיש,
איז נאָך דיעזער אינהאַלט ניט אויסגעשעפּט. און
ארויסגעהענדיג פֿון דיעזעם בעוואוסטזיין, האָבען
זיי אָנגעהויבען צו פֿאָרדערען, אַז ערשטענס זאָל
די חברה איהרע גרעסטע אויפֿמערקזאַמקייט אָב=
טיילען דעם נידריגסטען טייל פֿון דעם פֿאָלק,
זי זאָל זעהן אַריינטראָגען אַהין בילדונג, וואו עס
פֿעהלט די עלעמענטאַרסטע בילדונג;
און צווייטענס זאָל זי אין איהרע שולען מאַכען
אַ סוף מיט דעם האַראַקטערלאָזען טאָן פֿון דער
אַסימילאַציע. פאר אזוינע מיני געפֿעהרליבע
פֿאָרדערונגען האָבען זיך אונזערע קאָמיטעטשיקעס
דערשראָקען און אָנגעמאַכט אַ געוואַלד „ציונים
עליך, השכלה!” און שוין אייניגע יאָהר ווי
צווישען דיעזע צוויי פּאַרטייען, דער נאַציאָנאַלער
פּארטיי און דעם קאָמיטעט'ס פּאַרטיי, פֿיהרט זיך
אַ האַרטער קאַמפּף. פֿאַר דיעזער צייט האָט זיך
זעהר פֿיעל געענדערט אין אונזער לעבען און
אויך אין דעם לעבען אַרום אונז. ניט פֿערענ=
דערט האָט זיך נור דער קאָמיטעט פֿון דער
אָדעסער חברה „מפיצי השכלה”, עס האָט זיך
אויף קיין שריט ניט אַריהר געטהון, זיינע מיט-
גלידער זענען נאָך געבליבען ביי די אייגענע
מיינונגען, וואָס זיי האָבען אַ מאָל געהאַט אין
דער ראַבינער שולע, און וויפֿיעל איהר זאָלט
מיט זיי ניט טענה'ן, האָט דאָס אַ ממשות ווי
„אַ אַרבעס אין וואַנד אַריין”. טענה'ט איהר מיט
זיי, אַז דער עיקר איז פֿאַר אונז די פֿאָלקסשולע,
אַז אַלע דעמאָקראַטישע שטאַאַטען פֿערנעמען
זיך מיט דער פֿאָלקסשולע מעהר ווי מיט אַלע
איבריגע שולען, קומט דאָך אויס נאָך זייער
בורזשואַזנע פֿערשטאַנד, אַז מיר דאַרפֿען קודם
כל אויפֿבילדען „אינטעליגענטען”; רעדט איהר
מיט זיי וועגען דעם, אַז די גרעסטע צאָהל פֿון
די יודישע קינדער געפֿינט זיך איצט אין די
חדרים און דערפֿאַר מוז מאן זיך נעמען רעפֿאָר=
מירען די חדרים, קאָנען זיי זיך אָבער ניט אָב-
זאָגען פֿון זייער פסיהאָלאָגיע, וועלכע זיי האָבען
ערוואָרבען אין דער ראַבינער שולע און וועלכע
שרעקט זיי אָב פֿון דעם וואָרט „חדר”; זאָגט
איהר זיי, אַז מע מוז מעהר אַכטונג געבען אויף
די יודישע למודים אין דער יודישער שולע,
פֿערשטעהן זיי אייך פשוט ניט; און ווען איהר
בעווייזט זיי, אַז זיי ווייסען בכלל ניט וואָס עס
טהוט זיך ביי זיי און אַרום זיי, ווילען זיי אייך
אפילו ניט הערען, און די גאַנצע צייט האַלטען
זיי אין איין שרייען מיט אַ קול גלייך ווי פֿון
דעם קבר אַרויס: „מיר קעמפֿפֿען פאר דער
אַלגעמיינער השכלה!” מיר מיינען אַז נאָך אין
אַ פּאאר יאָהר אַרום וועלען מיר מעגען דיעזעם
גלענצענדעם קאָמיטעט אַרויסשטעלען אין אַ
מוזעאום אַלס אַ אַרחעאָלאָגישע זעלטענהייט...

* * *

נאָך אַ לאַנגער גרויסער פויזע האָט דאָס
יודישע טהעאַטער ווידער אַ מאָל בעקומען דאָס
רעכט אויפֿצוטרעטען אין רוסלאַנד. וועגען דעם
וואָס פֿאַר אַ גרויסען ווערט אַ רעכטעס פֿאָלקס=
טהעאַטער קען האָבען, איז איבריג דאָ צו רעדען.
דאָס יודישע טהעאַטער האָט אָבער די מעגליכ=
קייט ניט געהאַט צו ענטוויקלען זיך אַזוי אז ער
זאָל ווירקליך ווערען אַ קולטור=ווערק פֿאַר דעם
יודישען פֿאָלק: אין רוסלאַנד האָבען איהם דער=
שטיקט די „וורעמענע פּראַווילעס”, און אין
אַמעריקא, וואהין ער האָט זיך דערנאָך אַריבער
געטראָגען, איז ער אַריינגעפֿאַלען אין די הענד
פֿון אַ באַנדע קרעמערס ווי שמר און זיין קאָמפּ.,
וועלכע האָבען פון איהם געמאַכט אַ שענדליכע
קאריקאטורע. וועלען מיר פֿערשטעהן אַצונד,
ווען דאָס יודישע טהעאַטער הויבט אָן אויפֿצו=
לעבען, צו צוגעבען איהם אַ רעכטע צורה, וועט
ער מיט דער צייט ווערען אַ גרויסע קולטור מאַכט
אין אונזער לעבען און וועט אויך ווערען אַ
פֿאָרבילד פֿאר דעם טהעאַטער אין אַמעריקא.

* * *

פֿאָריגען חודש איז פֿאָרגעקומען די אַסיפה
פֿון דעם גרויסען אַקציאָנס קאָמיטעט. שרייבען
וועגען דיעזער אַסיפה איז בכלל שווער פשוט
דערפֿאַר, ווייל מיר ווייסען איבער איהר זעהר
וועניג — כמעט גאָר ניט. פֿאַר וואָס מע האט
געמאַכט אַזאַ סוד פֿון דער אסיפה: צו דערפֿאַר,
ווייל אונזערע פֿיהרער מוזען מאַכען דיפּלאָמאַטישע
הויות און רעדען בלשון נסתר, צו גראָד דערפֿאַר,
ווייל עס איז טאַקע ניט דאָ וואָס אויסצוזאָגען
וועגען דער אַסיפה — די סבות פֿון דעם סודיען
זיך ווייסען מיר ניט, אונזער אָפֿיציעלער אָרגאַן
ברענגט איבער דער אסיפה אַ קורצע און ניט
קלאָרע נאטיץ, און דערמיט מוזען מיר זיך בעג-
ניגען. דאָס אייניציגע, וואָס מיר זענען אבער יא
געוואָר געוואָרען פֿון דער אַסיפה, איז דאָס, אַז
דער אַקציאָנס קאָמיטעט וויל צונויפֿרופֿען צוויי
קאָנגרעסען: אַ אָרדענטליכען — אַ ציוניסטישען.
און אַ אויסעראָרדענטליכען פֿאַר דער אוגאַנדא
פֿראַגע. צו אַזאַ מין ווידערשפּרוך זענען אונזערע
„פֿיהרער” געקומען נור דערפֿאַר, ווייל זיי פֿער-
נעמען זיך צופֿיעל מיט דיפּלאָמאַטיע. וואָס פֿאַר
אַ זינן האָט אין דיעזעם פֿאַל איינצובערופֿען צוויי

קאָנגרעסען? כמה נפשך, וועט דער אוגאַנדאַ פּראָיעקט אויפֿגענומען ווערען פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, דאַן מוז דאָך ד ע ר צ י ו נ י ס ט י ש ע ר קאָנגרעס פֿערנעמען זיך מיט איהר. טאָמער וועט אָבער די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אויף דעם ציוניסטישען קאָנגרעס אָבלעהנען דעם אוגאַנדאַ פּראָיעקט, דאַן איז דאָך אַ שאלה: צו וואָס דער צווייטער קאָנגרעס, וואָס געהער ער זיך אָן מיט אונז, צ י ו נ י ס ט ע ן? מיר מיינען אָבער, אַז די אוגאַנדאַ פֿראַגע מוז קומען אויף דעם צ י ו נ י ס ט י ש ע ן קאָנגרעס, דער קאָנגרעס מוז איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל גיבען אַ קלאָרע, אונצווידייטיגע תשובה אויף דיעזער שאלה, אונאַבהענגיג פֿון דעם, וואָס פֿאַר אַ ידיעות די עקספּעדיציע וועט ברענגען—צו אוגאַנדאַ טויג פֿאַר א ישוב צו ניט. די אוגאַנדאַ פֿראַגע איז אַ פּ ר י נ צ י פּ ע ל ע פֿראַגע, זי האָט אין אונזער אָרגאַניזאַציע שוין פֿערנעמען צו אַ גרויסען פּלאַץ, אַזוי אַז מיר מוזען זיך מיט איהר רעכנען; דורך פֿערשווייגען וועלען מיר זי ניט פֿערענפֿערען, דער קאָנגרעס מוז זיך שטעלען אויף דעם איינעם אָדער אויף דעם אַנדערען שטאַנדפּונקט. נור, זאָגען אונז אייניגע, מיר קוקען אָבער אויף אוגאַנדאַ ווי אויף אַ געגענוואַרטס אַרבייט. די אַנדערע געהן נאָך ווייטער: מיר, זאָגען זיי, דאַרפֿען נור פֿערברייטען דעם פּראָיעקט און איבערגעבען איהם אַנדערע יודישע חברות, זיי זאָלען איהם אויספֿיהרען, און מיר וועלען ווייטער אַרבייטען פֿאַר פּאַלעסטינאַ. די יעניגע, וואָס טענה'ן אַזוי, בעווייזען דערמיט נור ווי קורצזיכטיג זיי קוקען: קען דער אוגאַנדאַ פּראָיעקט אויסגעפֿיהרט ווערען דורך „אַנדערע יודישע חברות" (שוין דאָס אַנערקענען פֿון „אַ נ ד ע ר ע יודישע חברות" אַלס פֿערטרעטער פֿון דעם יודישען פֿאָלק איז אַ אַ נ ט י צ י ו נ י ס ט י ש ע ר געדאַנק), קאָן מאַן דאָרט ווירקליך בעשאַפֿען אַ יודישע אווטאָנאָמיע, קאָן מען דאָרט ווירקליך קאָנצענטרירען די יודישע עמיגראַציע, קאָן מאַן דאָרט איינפֿיהרען א נאַציאָנאַלען לעבען — דענסטמאָל מוזען אויך מיר ציוניסטען אויפֿנעמען דעם אוגאַנדאַ פּראָעקט, דענסטמאָל איז פּאַלעסטינאַ פֿאַר אונז אַ „שם שנתרוקן מעצמו", דענסטמאָל איז די קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינאַ ווירקליך נור א געשעפֿט פֿאַר ראָמאַנטיקער ניט פֿאַר רעעלע פּאָליטיקער. נור מיר ציוניסטען זענען אָבער פֿעסט איבערצייגט, אַז אין אוגאַנדאַ איז דאָס אַלעס אונמעגליך; מיר זענען איבערצייגט, אַז א קאָלאָניזאַציע אין אוגאַנדאַ קאָן נור ברענגען צו אַ קריזיס, צו אַ שרעקליכען יאוש אויף לאַנגע יאָהרען; מיר בעטראַכטען דעם נייעם „טעריטאָריאַליזם" אַלס אַ געפֿערליכע אַוואַנטיורע, — און דערפֿאַר זענען מיר געגען דעם פּלאַן פֿון זוכען טעריטאָריעס און פֿערבינדען אונזער טעריטאָריאַליזם (דען אויך מיר אַנערקענען, ווי מיר האָבען שוין ניט איינמאָל אונטערגעשטריכען, דעם טעריטאָריאַליזם אַלס אַ גרונד געדאַנק פֿון דעם ציוניזם) מיט פּאַלעסטינאַ. און ווי באַלד מיר בעטראַכטען דעם אוגאַנדאַ פּראָעקט אַלס א פֿערפֿעהלטען וועג, קענען מיר ניט צו זעהן קאַלטבלוטיג ווי אַנדערע יודישע חברות שלאָגען אַן דיעזעם וועג — מע רעדט שוין ניט דערפֿון, אַז מיר דאַרפֿען זיי אויף דיעזעם וועג ניט אַרויספֿיהרען. און נאָך ווייניגער קענען מיר אַזאַ מין אַרבייט בעטראַכטען אַלס אונזער „געגענוואַרטס אַרבייט" — אונזער געגענוואַרטס אַרבייט בעשטעהט בשום אופן ניט אין דעם, קריזיסען אַרויסצורופֿען אין דעם יודישען לעבען.

דער נייער „טעריטאָריאַליזם" קען ווערען אָדער דער גרונדגעדאַנק פֿון דעם ציוניזם, און דאַן מוזען מיר מיט פּאַלעסטינאַ מאַכען אַ ן עק, אָדער ער מוז בעקעמפֿט ווערען פֿון דעם ציוניזם אַלס אַ געפֿערליכער געדאַנק. פֿאַר „פּשרות" איז דאָ קיין פּלאַץ ניט דאָ!

באַלד נאָך דער אַסיפה פֿון דעם גרויסען א. ק. האָבען זיך די א"י ציוניסטען פֿערזאַמעלט צו אַ קאָנפֿערענץ אין ו ו י ל נ א. זעהר כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער ווילנער אסיפה ווי פֿאַר דעם רוב ציוניסטען, איז פֿאָלגענדער „פֿאָרשלאַג", וואָס די אַסיפה האָט פֿערעפֿענטליכט: „לויט די בעדינגונגען פֿון דער איצטערדיגער צייט פֿאָדערט די אַרבייט אין א"י פֿיעל פּערזאָנען פֿון אַלע גלות לענדער, וואָס זאָלען זיין גרייט צו טראָגען קרבנות — מאַטעריעלע און מאָראַלישע, בעטראַכטענדיג די לאַגע און די אַלע שוועריגקייטען ביי דער אַרבייט אין ארץ ישראל, און אָפֿען דאָס אַרויסזאָגענדיג, זענען מיר פֿון דעסטוועגען איבערצייגט, אַז די ציוניסטען זענען מחויב צו ברענגען די דאָזיגע קרבנות דעם יודישען פֿאָלק.

מיר ווייסען ניט, ווי דאָס ווירקט אויף אַנדערע; ביי אונז רופֿט דיעזעס בעשטענדיגעס געשריי פֿון „קרבנות פֿאַר דעם פֿאָלק" אַרויס א ניט אנגענעהמען געפֿיהל. פֿאַר אונז איז דאָס אַ צייכען, אַז אין אונזער ציוניסטישער אַרבייט רעכענען מיר זיך ניט מיט פֿעסטע לעבעדיגע סאָציאַלע יסודות, מיר זעהן ניט אין דעם ציוניזם א ו נ ז ע ר לעבענסציעל — און דערפֿאַר נייהען מיר אַלץ מיט אידעאַליסטישע

פאַדען און בויען אַלץ נ ו ר אויף אידעאַליסטען, וואָס זאָלען אַרבייטען און ברענגען קרבנות „פאַר דעם פאָלק". מיר ווילען דאָ ניט פערלייקענען די בעדייטונג פון איינציגע מענשען אין גרויסע פאָלקסבעוועגונגען, נור וואו, אין וואָסער גרויסער פאָלקסבעוועגונג האָט מאַן נאָך אַזוי פיעל געשריען וועגען „קרבנות פאַר דעם פאָלק" ווי ביי אונז? די קעמפפער פון די גרעסטע פאָלקסבעוועגונגען זענען דערפאַר געגאַנגען אין קאַמפף אַריין, זענען דערפאַר געגאַנגען אויף די באַריקאַדען, ווייל זיי זענען געקומען צו דער פעסטער איבערצייגונג, אַז זייער עתיד איז פעסט צוזאַמענגעבונדען מיט דעם עתיד פון דעם גאַנצען פאָלק, און ווייל זיי האָבען ווייטער ניט געקענט אויסהאַלטען די אַלטע בעדינגונגען פון זייער לעבען; ווייל זיי זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אָהן פרייהייט איז אונמעגליך צו לעבען ווי אָהן לופט, האָבען זיי אויך געקעמפפט פאַר דער פרייהייט פון דעם פאָלק, וועלכע האָט אויך בעדייטעט ז י י ע ר פרייהייט. — דאָס זענען קיינע „קרבנות פאַר דעם פאָלק", דאָס איז נור אַ ענטוויקעלטעס געזעלשאַפטליכעס געפיהל און בעוואוסטזיין; דאָס איז אַ בעוואוסטער קאַמפף פאַר דער אייגענער פרייהייט.

ניט אַזוי גיך קומט אַ פאָלק צו אַזאַ מין מדרגה און ניט יעדער איינציגער מענש איז פעהיג צו קומען צו אַזאַ מין בעוואוסטזיין. נור ביז וואַנען אַלע קעמפפער פון אַ פאָלקסבעוועגונג קומען ניט צו דיעזעם בעוואוסטזיין האָט די בעוועגונג קיין שום ממשות. אונזער ציוניסטישע אויפגאַבע איז צו ברענגען דאָס יודישע פאָלק צו דיעזער מדרגה, צו דיעזעם בעוואוסטזיין, צו ברענגען ד י י ע נ י ג ע, פ אַ ר  ו ו ע ל כ ע  ד ע ר  צ י ו נ י ז ם  א י ז  אָ ב י ע ק ט י ו  אַ  ל ע ב ע נ ס נ ו י ט ו ו ע נ ד י ג ק י י ט, צו דער סוביעקטיווער ערקענונג פון דיעזער לעבענסנויטווענדיגקייט. און נור דאַן, ווען יעדער פון אונז און מיר אַלע צוזאַמען וועלען פיהלען און פערשטעהן, אַז די נאַציאָנאַלע בעפרייאונג איז אונז נויטיג ווי פרישע לופט, נור דאַן וועלען מיר קענען קומען צו אונזער ענדציעל. מיט דעם געשריי אָבער „קרבנות פאַר דעם פאָלק" בעווייזען מיר נור, אַז אונזער גאַנצע בעוועגונג שטיצט זיך ניט אויף איין לעבעדיגען סאָציאַלען יסוד.

אויף וואָס פאַר א ווייטע וועגען דיעזעס „קרבנות" קאַפיטעל, דאָס ניט שטיצען זיך אויף לעבעדיגע יסודות קען אונז ברענגען, קען בעווייזען דער אייגענפאַרטיגער פאָרשלאַג פון ה אוסישקין, וואָס ער מאַכט אין ז י י ן „אונזער פראָגראַם". אין דיעזעם „פראָגראַם" דערצעהלט אוסישקין וועגען דעם איבעראַל בעקאַנטען פאַקט, אַז דער גאַנצער פאַלעסטינער ישוב שטיצט זיך אויף דער אַרבייט פון אַראַבער, ווייל די יודישע קאָלאָניסטען דינגען בעסער אַראַבישע אַרבייטער, וועלכע בעקומען זעהר אַ קליינעם לוין, אַלס יודישע אַרבייטער, וואָס קענען זיך ניט בעגניגען מיט אַזאַ קליינעם לוין, ווייל דורך דעם, וואָס זיי געפינען זיך אין אַ פיעל העכערען קולטורנעם מצב, ווי די אַראַבער, האָבען זיי גרעסערע פאָרדערונגען פון זיי. וואָלט זיך ה. אוסישקין גערעכענט מיט לעבעדיגע סאָציאַלע יסודות, וואָלט ער אודאי געקומען צום געדאַנק, אַז אין אַזאַ אונגאָרמאַלע לאַגע פון דעם יודישען ישוב זענען אָפּשר שולדיג די פאָרמען פון דער יודישער קאָלאָניזאַציע אין פאַלעסטינאַ; ער וואָלט אפשר פון דיעזעם פאַקט זיך אויך אַראָבגענומען אַ מוסר פאַר זיין „גאולה", וואָס וועט אפשר ברענגען אַרבייט נאָך עטליכע הונדערט אָדער טויזענד אַראַבער. נור אַזוי ווי ה. אוסישקין איז אַנ'אַנהענגער פון דעם קאַפיטעל „קרבנות", פאַלט ער אויף דער זעלטענער המצאה איינצופיהרען אין פאַלעסטינע „פאַנטשינע", און מאַכט דעם פאָרשלאַג, אַז יעדער יונגער ציוניסט פון די גלות לענדער זאָל קומען קיין פאַלעסטינאַ דאָרט דריי יאָהר פאַנשטשינע צו אַרבייטען פאַר פערשיעדענע קאָלאָניסטען אָדער, ווי אוסישקין מיינט, „פאַר דעם יודישען פאָלק", דיעזע יונגע לייט, זאָגט אוסישקין, מוזען דאָרט לעבען אין ד י  ז ע ל ב ע  ב ע ד י נ ג ו נ ג ע ן  ו ו י  ד י  אַ ר אַ ב ע ר און בעגניגען זיך מיט דעם זעלבען לוין ווי די אַראַבער. מיר זענען גאַנץ ווייט פון דעם געדאַנק צו מיינען, אַז אוסישקין וויל איינפיהרען דיזע פאַנשטשינע פאַר די קאָלאָניסטען, מיר זענען איבערצייגט, אַז אוסישקין מיינט דאָ נור די טובה פון דעם פאָלק. מיר ווילען אויך ניט רעדען דאָ וועגען דער גאַנצער לעכערליכקייט פון דיעזעם פלאַן:
*На всякаго мудреца довольно простоты*
זאָגט דאָס רוסישע שפריכוואָרט — פאַר וואָס זאָל אויך אוסישקין ניט האָבען דאָס רעכט אויסצושטעלען קינדיש נאַאיווע פלאַנען, וואָס ווילען אַ דרעה טהון די געשיכטע צוריק אויף עטליכע יאָהרהונדערט. מיר ווילען דאָ נור ווייזען, אויף וואָס פאַר אַ פינסטערע וועגען דיעזער קרבנות ציוניזם קאָן אונז ברענגען.

און ווייל די ווילנער אַסיפה האָט זיך ניט גערעכענט מיט לעבעדיגע סאָציאַלע בעדינ-

גונגען, געפֿונען מיר אויך צווישען איהרע החלטות קיין איינציג וואָרט איבער דער אויספֿאָרשונג פֿון פאַלעסטינא. איהר געפֿינט דאָרט החלטות וועגען קויפֿען ערד אין פאלעסטינא, וועגען קאָלאָניזאַציע אין פאַלעסטינא, וועגען ענטוויקעלונג פֿון האַנדעל אין פאַלעסטינא; נור וועגען איינעם האָט מען פערגעסען צו רעדען: וועגען דער נויטווענדיגקייט אויסצופֿאָרשען פאַלעסטינא, צו וויסען, אויף וועלכע אופנים די אלע אַרבייטען זענען מעגליך. אונזערע גאַנצע קענטניסע וועגען פאַלעסטינא גרונדען זיך אויף א בעל-הביתישע „מיינונגען“: אוסישקין מיינט, אז מ׳קען אין פאלעסטינא טהון אלעס וואָס מ׳וויל, און הלל צייטלין מיינט, אז אין פאלעסטינא איז אונמעגליך א ישוב צו גרונדען, און מיר מוזען גלויבען דעם איינעם אָדער דעם אנדערען, וואָרעם מיר האָבען חוץ דעם שרייען גאָר ניט געטהון פֿאר דער אויספֿאָרשונג פֿון פאלעסטינא (די פאלעסטינער קאָמיסיאָן ארבייט אפילו, נור זי האלט ערשט ביים אָנהויב). און די ערשטע זאַך מיט וואָס די ווילנער אַסיפה וואָלט זיך געדאַרפֿט פֿערנעמען איידער זי האָט זיך גענומען צו די החלטות וועגען ערד קויפֿען און קאָלאָניזירען, וואָלט געדאַרפֿט זיין די פֿראַגע וועגען דער אויספֿאָרשונג פֿון פאַלעסטינאַ, — זי איז אָבער געווען פֿערנעמען מיט דעם „פֿאָרשלאַג“ וועגען קרבנות...*)

דער יודישער חראַניקער.

N. B. כדי אונזער חראניק זאָל קענען געבען אַ פֿאָלשטענדיגערען בעריכט איבער דעם גאַנצען יודישען לעבען, בעטען מיר אונזערע געעהרטע לעזער צו אונטערשטיצען אונז דורך זייערע בריעפֿליכע מיטיילונגען וועגען פערשיעדענע פֿאַקטען און וועגען דער הערשענדער שטימונג אין דער יודישער וועלט. מיר בעטען אונזערע לעזער פֿון ענגלאַנד און אַמעריקא, וועלכע פֿערופֿען זיך אין זייערע בריעף אויף צייטונגס ידיעות אָדער אַרטיקעלן, אַריינצושיקען אונז דיזע צייטונגען.

אונזער אַדרעסע:

„Jüdische Zukunft“ Zürich, (Schweiz).

*) האָבען „טענות“ איז אַלע מאָל לייכט. אַז עס איז נעטיג, אונבעדינגט נעטיג, פאַלעסטינא אויסצופֿאָרשען ווייסט אוסישקין, ווייסען מיר אַלע ניט וועניגער פֿון אונזער געעהרטען „חראָניקער“; נור ווי אזוי מען האָט געקענט אין ווילנא — זיך בעשעפֿטיגען מיט אויספֿאָרשען ארץ-ישראל, איז אונז ניט קלאָר. דער צוועק פֿון ווילנער צוזאַמענפֿאָהר איז כלל ניט בעשטאַנען אין דעם „קאָמיסיעס“ צו קלויבען פֿאַר פֿערשיעדענע נייטיגע זאַכען. — מיר וועלען נאָך אויף אַ אַנדער אָרט איבער דער ווילנער אַסיפה ווי אויך איבער אוסישקינס „אונזער פראָגראַם“ אויספֿיהרליך רעדען.
די רעד.

# די יודישע פרעסע

איך האב חרטה. — ליכטיגע און פינסטערע זייטען פון „הזמן”.— „די וועלט” עלטערט זיך.— ד"ר. א. ליבערמאן און די טירקענשטראסע נומר 9. — א אומזיסטיגער שבת.

איך זאָג אייך דעם אמת, איך האָב חרטה אויף דער גאַנצער געשיכטע. בין מיר געוועזען אַ רוהיגער מענש. האָב אַלע טאָג געלעזען נור יענע צייטונגען וועלכע איך האָב געוואָלט; האָב איך געפונען, אַז די צייטונג הייבט אָן אַראָפּגעהן פון „דרך הישר”, האָב איך זי פשוט אַוועק געוואָרפען — און פטור. אָנעקלען זיך פון אַ צייטונג האָב איך קיינמאָל ניט בעדאַרפט. איצט אָבער מוז איך „פערשוואַרצט” ווערן: איך מוז יעדען חודש בעזאָרגען „די יודישע צוקונפט” מיט אַ איבערבליק איבער „די יודישע פרעסע”. דאָס איז לייכט צו זאָגען! און געמיינט האָב איך אַז עס איז אויך לייכט צו טהון. לייכטזיניג בין איך געוועזען אָנעמענדיג דאָס „שטיקעל אַרבייט” און בין אַריין אין אַ בלאָטע פון וועלכער איך קען ניט אַרויס. אויס איז מיט מיין פרייהייט! געקאָוועט און קעטען בין איך און די יודישע צייטונגען זענען אָפט שווערערע קעטען אלס יענע פון שטאָל און אייזען. די אייזערנע — רייסען אַיין נור דעם קערפער, בעת יענע קריכען אַריין אין דער נשמה און דריקען זי אַזש צום ערשטיקט ווערן. בארעכענט מיין צער שוין דערפון אַליין, אַז איך מוז יעדען טאָג לעזען דעם „הזמן”. אויפ'ן ערשטען בליק, דאַכט זיך, גאָר אַ פיינע צייטונג: שיין געדרוקט, גרויסער פאָרמאַט; דער אינהאַלט ווערט לעבעדיגער און אינטערעסאַנטער: זעהר אָפט ליטעראַרישע פעליטאָנען, אַ אינטערעסאַנטער "איבערבליק איבער דער גויישער פרעסע, און וואָס דער עיקר איז: דער טאָן איז מוטהיג, פיעל מוטהיגער אלס אין די אַנדערע העברעאישע צייטונגען. איהר געפונט דאָרט פיעל מעהר אינפאָרמאַציעס אלס אין דעם „אינפאָ־מאַציאָנעס הצפד — און איבערהויפּט אין „יענע טעג”, ווען אַלעס איז געוועזען אַזוי נידערגעשלאָגען, ווען אַלעס האָט געזוכט, גענישטערט נאָך אַ וואָרט, ווען אַלעס האָט געוואָלט אויף גיך וויסען וואָס טהוט זיך אין יענע שטעדט, אין וועלכע עס שפּיעלען זיך בלוטיגע דראַמע'ס אויף דער גאַס, און טראַגעדיעס אין די הערצער. — דאַמאָלס האָט „הזמן” מעהר פון אַלע אַנדערע יודישע צייטונגען אין רוסלאַנד דאָס פובליקום מיט דער אמת'ר לאַגע בעקאַנט געמאַכט. —

האָט זיך אָבער יעדע שטאָדט איהר משוגע'נעס. און דער „הזמן” — צוויי אַזוינע, וועלכע פעראונרייניגען אויף אַזוי פיעל די צייטונג, אַז עס ווערט שווער זי אין האַנד צו נעמען. —

דער איינער איזט צייטלין. דער מענש — האָט פאַר זיך נור איין אויפגאַבע אין זיין לעבען: אין נאָמען פון „ריינעם כשר'ן אמת' אַלעס צו בעשמוטצען, אַלעס

צו בעליידיגען, אַלעס מיט בלאָטע צו פֿאַרוואַרפֿען, ניט פֿיהלענדיג דערביי, אַז ער אַליין זינקט אין דיעזער בלאָטע אַלץ טיעפֿער און טיעפֿער. —

אין ווילנאָ איז אַ צוזאַמענפֿאָהר פֿון פֿערשיעדענע ציוניסטען געוועזען, ציוניסטען, וואָס האָבען נאָך זייערע איבערצייגונגען ניט פֿערקויפֿט. ציוניסטען וואָס ווילען דאָס פֿאָלק וואָרנען פֿונם אוגאַנדאַ־שווינדעל; און ווייל זיי זענען געגען אוגאַנדאָ, האָט מר צייטלין (וועלכער קען גאָר ניט וויסען אַפֿילו ווער עס איז דאָרט געוועזען) אַרויסגעפֿונען, אַז דאָרט זענען געוועזען „גראָבע בעלי־בתים" פֿון איין זייט, און פוסטע פֿראַזיאָרען" פֿון דער אַנדערער זייט, און דער צו נאָך אַ גרויסע עדה" פֿון „אידעאַלאָגען מיט לעדיגע מוחות" און „פֿאָלשטענדיגע בטלנים". זייערע מעשים זענען „מאוס און נידריג" און פֿול מיט „שטותים". אָט אַזוי שרייבט אַ פובליציסט איבער אַ ציוניסטישען צוזאַמענפֿאָהר, נור דערפֿאַר ווייל יענע ווילען ניט גלייבען צייטלינען אויפֿ'ן וואָרט, אַז מען קען אין אוגאַנדאָ גרינדען אַ „מקלט בטוח" און אַ „גיכער צייט און מיט לייכטע מיטעל" („הזמן" נו' 19 „בני רשף" ב.). —

אַז „הצפה" וועיזט־אָן, אַז צייטלין האָט ווי מיט אַ כיון אין זיין „ליטעראַרישען איבערבליק" ניט דערמאָנט די אויסגאַבען פֿון „אַחיאסף", א. ז. וו. אַז ער האָט עפּיס צו סוחר'ש אויסגערעכענט גראַד די „תושיה"־אויסגאַבען, — ווייסט ער ניט, וואָס דאַרויף צו ענטפֿערן און ציהט אויף זיך דאָס קליידעל פֿון אַ מאַרק יודענע און שרייט: „טפשות עצומה" „שקר מוהלט".

די כשרה אויגען זיינע זעהן, ווי די הצופה־רעדאַקטאָרען „שפרינגען אויפֿ'ן שטריק". און בן־יהודה דער בעקאַנטע־ שנאָרער ווערט אַ העלד ר"ל! דער רעדאַקטאָר פֿון „הדגל", וואָס פֿערקויפֿט זיין נשמה פֿאַר אַ דרייער, וואָס טרעט אַרויס אין זיין „בלעטעל" געגען דער ציוניסטישען קאָלאָניאַל־באַנק ווייל דשעמס לוי גיט איהם אַרייכע אַנאָנסע, — אָט דיעזער ווערט ביי צייטלין אַ „שטאַרקער מענש"! און אַלץ נור דערפֿאַר ווייל ער איז אַ אוגאַנדיסט! —

די „ציוני ציון" ערקלערן, אַז טעריטאָריאַליזם פֿיהרט צו אַסימילאַציע, — שפרינגט צייטלין אויף, ווערט אַ גבור און „פראָטעסטירט שטאַרק"; ער—צייטלין, דער כשר'ר, דער אמת'ר צייטלין, דער „נביא" פֿון די טעריטאָריאַליסטען, געפֿינט דאָרט ביי די ציוני ציון ניט ווייניגער ווי: „שקר מוהלט, דעה נמבזה, דברי זדון ורשע, טפשות וחוצפה כאחד".

איך זאָג מיך אָפּ פֿון איבערצוזעצען דאָס אין יודיש. —

נור צו מוז איך אייך דען אַרויסזוכען אַלע „פערל", וואָס צייטלין וואַרפֿט פֿאַר „די הזרים", ווי זיין כשרה פֿעדער דריקט זיך אויס?

דער צווייטער העלד פֿון „הזמן" איז דער לאָנדאָנער „מי זה". אָט דער „מי זה" קען אייך אין גלות־לאַנגע קאָרעספּאָנדענציעס דערציילען, אַז די אַנטיאוגאַנדיסטען זענען „מלמדי הת"ת", אַז יענע פֿאָלקס־פֿערזאַמלונג אין לידס איז „ניט געוועזען אינטערעסאַנט" ווייל מען האָט גערעדט געגען אוגאַנדאָ, אַז די אוגאַנדיסטען אין לאָנדאָן זענען די פֿיינסטע ברואים אין דער וועלט, אַז „יענער דאָקטאָר", וואָס איז געגען אוגאַנדאָ, האָט פֿאַר'ן ציוניזם „קיין האַנד אין קאַלט וואַסער ניט געטהון" א. ז. וו. אַז דאָס גאַנצע אוגאַנדיסטישע פֿאָלק מיט די גרינבערג'ס מיט די — כביכול — דר. זאַלקינדס, מיט די אַלע „פיינע לייט" האָבען אין משך פֿון כמעט 2

יאָהר געגעבען פאַר דער אוגאַנדאַ עקספעדיציע אַרום און אַרום בערך 70 רובעל!
(דאָס שרייבט אין הצפה ב. ש. אַ אוגאַנדיסט) — דערפאַר פערשוויינט „מי זה", ווי ער פערשווייגט אויך אַלעס ציוניסטישעס פון לאָנדאָן, אויב נור מען איז ניט פאַר אוגאַנדאַ.

* * *

אַלע זעהן, וויסען און פיהלען, אַז די ציוניסטישע בעוועגונג לעבט איבער אַ שרעקליכען קריזיס. די אוגאַנדאַ־אפערע האָט דען גאַנצען ציוניסטישען בנין אונטער־געגראָבען, ציוניסטען, — ברודער פון נעכטען, רייסען זיך האַנט אַרום, ווי גע־פערהרליכסטע פיינד. אויב די ציפערן רעדען, אַזוי ווייסען מיר, אַז דאָס פאָריגע יאָהר האָט אַפילו די העלפט שקלים ניט געגעבען. דאָס ווייסט יעדער און „די וועלט" נאַטירליך אויך.

נעמט לייענט איבער די נו' 4 „די וועלט" וועט איהר מיינען, אַז אַלעס איז ביי אונז „ווי געוואונשען". „די וועלט" רעדט פון „אימפאזאַנטע ציפערן־קלאָגען" און פיהלט ניט, ווי הוזק זי מאַכט פון זיך אַליין. חוזק מאַכט זי פון זיך אַליין, ווען זי דערציילט אונז, אַז ביי די ציוניסטען האָט מען אַלע מאָל געקענט רעדען וואָס מען וויל — און „די וועלט" פארגעסט כלומר׳שת אין יענע צייטען ווען זי איז געוועזען פערשלאָסען פאַר יעדען פרייען וואָרט! „ווער עס וויל קלאָגען און שימפּפען זאָל עס טהון — אָבער — ביי די אַסימילאַנטען" — שרייבט Uprimny אין יענעם נומער. לויבען, זיך גרויס מאַכען, אַלעס אויף טויזענד טעלערליך צו־לעגען — דערפאַר איז „די וועלט" דער בעסטער אָרט. „צו קלאָגען" אָבער זאָל מען געהן צו די אַסימילאַנטען! און איבער וואָס זאָל מען קלאָגען, אַז אויב אין נײַנטען יאָהר גאַנג ווייסט „די וועלט" צו דערציילען (דאָרט), אַז מען האָט זיך ניט וואָס צו שרעקען פאַר׳ן „ריקשריט" פון אונזער בעוועגונג. ווייסט איהר פאַר וואָס? — ווייל „די יודענגויט ברייטעט אויס איהרע פליגעל אַלץ ווייטער און ווייטער". נאָך 8 יאָהר ציוניזם ווייסט דער לייט־אַרטיקעל־שרייבער פון דער „וועלט", אַז דער ציוניזם דאַרף שעפּפען זיינע כוחות פון דער "יודענגויט". אין 8 יאָהר צייט האָט „די וועלט" ניט אויס געלערנט דען א״ב פון ציוניזם, אַז ער שעפּט און דאַרף שעפּפען זיינע כוחות נור אין דער נשמה פון פאָלק, פון דער פילאַנטראָפּישער" ציוניזם וואָס ווערט פון מאַנכע ציוניסטישע פיהרער, און אויך אָפּט פון דער „וועלט" געפרעדיגט,— איז דאָך עס, וואָס האָט דען נאַציאָנאַלען ציוניזם אונטערגעגראָבען, אַזוי אַז מיר זענען היינט צעריסען, צעפּליקט אויף זיעבען „וועלטען".—

נור „די וועלט" ווערט עלטער אין די יאָהרען און יונגער אין שכל. —

* * *

אינטערסאַנטע זאַכען דערציילט אין אַ רייע פעליטאָנען אין „הצפה" דר. א. ליבערמאַן (עפּיס פּרוכפּערן זיך ביי אונז צו פיעל „דאָקטוירים") פון דער "טירקענ־שטראַסע נו' 9". עס ווערט דאָרט איצט ביסעלעך־ווייז אויפגעדעקט דאָס פערבאָרגענע, דער פאָרהאַנג ווערט אַראָפּגעריסען און מיר דערוואוסען זיך ביטערע „נייעסען". נור לעזענדיג יענע פעליטאָנען, קומט אויף דער מחשבה ניט ווילעדיג דער פערגלייך פון צווישען דר. א. ליבערמאַן און אחד־העם. דער לעצטער האָט ווייט פון „וויען" געוואוינט און פלעגט אַלע מאָל דען מוטה האָבען דען אמת צו זאָגען.

דר. ליבערמאַן וואוינט אין וויען ניט ווייט פֿון „טירקענשטראַסע נו׳ 9 און ע ר ש ט א י צ ט האָט ער מוטה צו דערציילען וואָס ער דערציילט.

— ? —

זענען זיינע „מיטיילונגען“ זעהר אינטערעסאַנט, אַזוי זענען זיינע פּערזענליכע בעמערקונגען אָפּט נאַריש. געוואָרען איצט אַ מאָדע ווידער די זשאַרגאָן־פֿראַגע אויפֿ׳ן טיש אַרויפֿנעמען, מילאַ, אַז ל ו ד ו ו י פּ אָ ל ווייסט צו דער ציילען, אַז דער „זשאַרגאָניזם“, שטאמט פֿון „טעריטאָריאַליזם“, אַז אויב מען איז אַ ארץ־ישראל ציוניסט איז מען שוין במילא אַ געגנער פֿון זשאַרגאָן — איז קיין וואונדער. לודוויפּאָל שפּאַציערט זיך אין וואַרשאַ, פּעטערס־בורג א. ז. וו. און זיינע „געדאַנקען“ שוועבען ערגעץ וואו אין „זיין פּאַריז“ אַרום. אַ מענש וואָס איז כל ימיו אין „פּאַריז“ (אפֿילו ווען ער וואוינט אין רוסלאַנד) קען ניט בעקאַנט זיין מיט דער געשיכטע פֿון דער זשאַרגאָן ליטעראַטור. אָבער דר. ליבער־מאַן געפֿינט זיך דאָך אין ווין — ווי קומט צו איהם אַזעלכע נאַרישקייטען? צו דערפֿאַר ווייל ער וואוינט ניט ווייט פֿון „טירקענשטראַסע נו׳ 9 ?.. דר. ליבערמאַן חכמה׳ט זיך, אַז ווען די זשאַרגאָניסטען וואָלטען וויסען ווי דר. הערצל האָט „גע־האַלטען“ פֿון זשאַרגאָן, וואָלטען זיי מיט איהם אין אַ ל ע ס זיין איינפֿערשטאַנען. אָט אַ גמרא־קעפּעל! —

* * *

דער מנהג איז אַז מען שטאַרבט אָפּ — דאַרף מען אָפּלויבען אין טאָג אַריין. געשטאָרבען אין נעוו־יאָרק אַ יוד: „כתריאל צבי שרהזאָהן“. דער „משורר“ דאָליצקי דערציילט אין „הצפה“ נו׳ 612 אַז אַ „אבל כבד“ איז עס געוועזען פֿאַר די נעוו־יאָרקער יודען. „דער פֿערשטאָרבענער איז געוועזען שטאַרק בעליעבט (אהוב וחביב) ביים רוב יודען פֿון אַמעריקאַ“, איך מיין, אַז אַזאַ „אינפֿאָרמאַציאָנע“ צייטונג ווי ה צ פ ה איז וואָלט בעדאַרפֿט וויסען, אַז דער אייגענער כתריאל צבי שרהזאָהן האָט אין זיין גאַנצען לעבען נור פֿ י נ ס ט ע ר נ י ש פֿערשפּרייט צווישען די יודישע מאַסען אין אַמעריקאַ. זיינע זשאַרגאָן־צייטונגען האָבען ערצויגען אַ פֿינסטערע, נידריג־שטע־הענדע מאַסע, פֿלעגען פֿאָרקומען „וויבאָרעס“ (בחירות) אַזוי פֿלעגט ער — דער שרהזאָהן — פֿ ע ר ק ו י פֿ ע ן די „לעזער זיינע“ פֿאַר אַ גראָבען דאָלאַר. דער שפּעטערדיגער קולטור־היסטאָריקער פֿון אַמעריקאַ וועט פֿאַר שרהזאָהן מיט זיינע צייטונגען ניט קיין שען בלעטעל אויפֿשרייבען. —

עס וואָלט שוין געמאָגט אויפֿהערען דער „מנהג“ פֿון נאָכזאָגען נאָכ׳ן טויטען לויטער שבחים. —

דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק.

# קאטאלאג פון דער אינטערנאציאנאלער ביבליאטהעק פערלאג קא.

פיליפ קראנץ, קולטור געשיכטע, 3 בענדער, 1000 זייטען, 100 בילדער, שיין געבונדען, פרייז יעדער באנד 75 ס.

„ „ די געשיכטע פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן, 3 טהיילען אין איין באנד, שיין געבונדען 75 „

„ „ יציאת מצרים, מיט א קארטע פון מצרים 15 „

„ „ אריסטאטעל, זיין ביאגראפיע, 10 „

„ „ וואס הייסט נאציאן — זיינען אידען א נאציאן ? 10 „

י. גארדין, גאט, מענש און טייוועל, דראמא אין 4 אקטען 20 „

„ וואלטער, זיין ביאגראפיע 10 „

דר. קאספע, מעכאניקע, נאך סיר אייזאק ניוטאן 10 „

„ „ „ אסטראנאמיע 15 „

„ „ אנפאנג פון כעמיע 15 „

מ. באראנאוו, דער מענש און די נאטור 10 „

ל. טאלסטאי פאטריאטיזמוס און רעגירונג 05 „

„ דער איינציגער מיטעל 05 „

ביידע בראשורען איבערזעצט פון מ. קאטץ.

מאקסים גארקי, ערצעהלונגען, איבערזעצט פון ה. אלעקסאנדראוו 15 „

ה. אלעקסאנדראוו, טאלסטאי, זיין ביאגראפיע 10 „

ב. פיינענבוים, רמב"ם, זיין ביאגראפיע 10 „

מ. ווייערניק, רב סעדיה גאון, זיין ביאגראפיע 10 „

מ. פרומקין, ר' ישראל בעל שם טוב, זיין ביאגראפיע 15 „

מאררים ראזענפעלד, געזאמעלטע לידער, 337 זייטען, אילוסטרירט, שיין געבונדען 100 ס.

ד. מ. הערמאלין, יצחק בער לעווינזאהן, זיין ביאגראפיע מיט זיין בילד 51 ס.

---

## פערפערטיגט צום דרוק און אין קורצען וועלען ערשיינען:

אמעריקא פאר קאלומבוס, א קולטור־געשיכטליכע נאכפארשונג איבער דעם לעבען, פיהרונגען און מאנומענטען פון די פערשידענע פעלקער אין דער נייער וועלט ביז דעם אנקומען פון אייראפעער מיט 45 ערקלעהרענדע צייכנונגען, 175 זייטען, שיין געבונדען, פרייז 60 ס.

## ביאגראפיען:

„יאזעפוס פלאוויאוס“ 64 זייטען, „ברוך שפינאזא“ 62 זייטען, „שבתי צבי“ 78 זייטען, „בר כוכבא“ 50 זייטען, „דער ווילנער גאון“ 50 זייטען, „מאזעס מענדעלסאהן“, „לעססינג“, „יהודה הלוי“, „היינע“, „די ראטשילדס“ און פיעל אנדערע.

אגענטען ווערען געפאדערט איבעראל!

The International Library Pub. Co.,

23 Duane St., New York, N. Y.

„The Jewisch Future“
A SOCIAL, LITERARY AND SCiENTIFIC MONTHLY.
Editor: Dr. CH. WORTSMANN.

»Еврейская Будущность«
Ежемѣсячный общественный литературный и научный журналъ.

אדמיניסטראציע:
M. EHRLICH, Krakau (Galizien)
Dietelsgasse 59.

רעדאקציע:
Др. Х. Вортсманъ, Варшава,
Новолипье 36/77.

פֿערטרעטער פֿיר גאנץ ענגלאנד:
R. MAZIN & Co. 65, Old montague str. LONDON N. E.

פֿערטרעטער פֿיר נעוו-יורק:
S. DRUCKERMAN, 50 Canal Str. NEW·JORK.


---

## בוכהענדלער און אגענטען אין רוסלאנד

וואס בעשעפֿטיגען זיך מיטן לאחדים פֿערקויף זאלען זיך ווענדען נור צום

פערטרעטער:

Издательство „ЯВНЕ“, С. А. Левитасъ. Варшава, Купеческая 6.

---

### אבאנעמענטס-פרייז:

יעהרליך 6 שילינג; 7 מארק; 8 פראנק; 6 קראנען; 1,20 דאלאר; 2,50 רובל.
½ יאהר: 3 „ ; 3½ „ ; 4 „ ; 3 „ ; 0,60 סענט ; 1,25 „

### אין אפֿריקא און אווסטראליע:

א יאהר: 8 שיל., ½ יאהר — 5 שיל., איין העפט: 1 שילינג.

### פרייז פֿון איין העפֿט:

30 קאפ; 30 קרייצער; 6 פענס; 12 סענט; 75 סענטים; 60 פֿפעניג.

---